אליוו שריינער

# טרוימען

אידיש פון ג. דייזויד

פרייז
30 סענט

פערלאג: מייזעל עט קא.
422 Grand Street, New York
1910

ISBN:0-657-12669-1

Olive Shreiner

# DREAMS

Translated by G. DAVID

# טרוימען

פון
אליוו שריינער

איבערזעצט אוים דעם ענגלישען
פון ג. דייוויד

פערלאג: מייזעל עט קא.
422 Grand Street, New York
1910

# אינהאַלט:

זייטע



.1

# דאס פערלאָרענע פרייד.

---

ביין ברעג ים, וואו די שטראהלען פון דער זונן האָבען זיך געשפּיעלט, איז אַ גאַנצען טאָג לעבען געזעסען.

דעם גאַנצען טאָג האָט אַ זאַנפטער ווינדטעל מיט איהרע האָר זיך געשפּיעלט, און איהר יונג, יונג פּנים האָט ארויס־געקוקט איבער'ן וואסער. זי איז געזעסען און געווארט — געזעסען און געווארט; זי האָט אָבער אַליין ניט געוואוסט אויף וואָס.

אַ גאַנצען טאָג האָבען די כוואַליעס זיך געטראָגען ארויף, ארויף אויפ'ן זאַמד, און ווידער צוריק אַוועקגעלאָפען, און די ראָזעווע ים־שיסעלעך האָבען זיך געקייקעלט. לעבען איז געזעסען און געווארט; אַ גאַנצען טאָג, מיט די שטראַה־לען פון דער זונן אין די אויגען, איז זי דאָרט געזעסען, ביז זי איז מיעד געוואָרען, און דאַן האָט זי דעם קאָפּ אויף די קניע אַראָבגעלאָזט און איז אַנטשלאָפען געוואָרען, נאָך אַליץ ווארטענדיג.

אַ שיפעל האָט זיך אָן זאַמד אָנגעשטויסען; דאַן זיינען געקומען טריט אויפ'ן ברעג — לעבען האָט אויפגעוואכט

און זיי דערהערט. אַ האַנד האָט זיך אויף איהר אַראָבגעלאָזט און אַ שוידער איז איהר דורכגעלאָפען. זי האָט אַרויפגעקוקט און דערזעהן פאַר זיך די זאַנדערבאַרע, ברייטע אויגען פון ליעבע — און איצט האָט לעבען געוואוסט אויף וועמען זי האָט געוואַרט.

און ליעבע האָט לעבען צו זיך צוגעצויגען.

און אַ זעלטען שעהן וועזען איז פון דיעזער בעגעגעניש געבאָרען געוואָרען — פרייד. ע ר ש ט ע פ ר י י ד האָט מען עס גערופען. דאָס ליכט פון דער זונן ווען עס פאַלט אויף דעם שטיפערישען וואַסער, איז ניט אַזוי פול פון פרייד; די רויזען־קנאָספען, ווען זיי שטעלען אָן זייערע ליפּעלעך צו קריגען דעם ערשטען קוש פון דער זונן, זיינען ניט אַזוי ראָזעווע. זיין קליינטשיק פּולסעל האָט געשווינד געקלאַפּט. ס׳איז אַזוי וואַרעם, אַזוי צאַרט געווען! ס׳האָט קיין וואָרט גערעדט, נור געלאַכט און געשפּיעלט זיך אין זונען־שיין; און ליעבע און לעבען זיינען איבערפילט מיט גליק געווען. זיי האָבען עס איינס דעם אַנדערען ניט געזאָגט, נאָר טיעף אין הארצען האָט זיך יעדער געוואונשען: „אייביג זאָל עס אונזערס זיין“.

דאַן איז אַ צייט געקומען — איז דאָס געווען אין וואָכען אַרום? אין מאָנאַטען אַרום? — (ליעבע און לעבען מעסטען ניט די צייט) — ווען דאָס וועזען איז געוואָרען אַנדערש ווי געווען.

ס׳האָט זיך נאָך אַלץ געשפּיעלט; נאָך אַלץ האָט עס געלאַכט; ס׳האָט זיך נאָך אַלץ דאָס מיילכעל מיט פּורפּור־

יאגדעס געפּאַרבט; נאָר מאַנכעסמאָל זיינען די קליינע הענדטעלעך מיעד אראָבגעהאנגען און די אויגעלעך האָבען טרויעריג איבער'ן וואסער געבליקט.

און ליעבע און לעבען האָבען ניט געוואגט איינס דאָס אַנדערע אין די אויגען זיך אריינצוקוקען, האָבען ניט געוואגט צו פרעגען: „וואָס פעהלט אונזער ליעבינקען?" יעדעס הארץ האָט צו זיך געמורמעלט, „ס'איז גאָרנישט, ס'איז גאָרנישט, מאָרגען וועט עס ווידער לויטער לאַכען". אָבער מאָרגען און איבערמאָרגען איז געקומען. זיי האָבען אלץ ווייטער געוואַנדערט און דאָס קינד האָט זיך ביי זייער זייט געשפּיעלט, נאָר אלץ שווערער, אלץ אומעטיגער.

איין טאָג האָבען ליעבע און לעבען זיך שלאָפען געלעגט; און ווען זיי האָבען אויפגעוואכט איז פרייד פערשוואונדען געווען: נור, ניט ווייט פון זיי, אויפ'ן גראָז, איז אַן אונבעקאַנט קליינטשינקער געזעסען, מיט ברייטגעעפענטע אויגעלעך, זעהר צארט און טרויעריג. קיינער פון זייביידען האָבען איהם ניט בעמערקט; און זיי זיינען יעדער פארזיך געגאַנגען, ביטערליך וויינענדיג: „אך, אונזער פרייד! אונזער פערלאָרענעם פרייד! וועלען מיר דיר שוין אייביג מעהר קיינמאָל ניט זעהן?"

דער קליינטשינקער פרעמדער, מיט די צארטע, אומעטיגע אויגעלעך, האָט זיינע הענדטעלעך אין זייערע הענד אריינגעלעגט, און זיי נעהנטער איינס צום אנדערען צוגעצויגען, און לעבען און ליעבע זיינען ווייטער געגאַנגען מיט איהם צווישען זיי. און ווען לעבען האָט אין אנגסט ארונטערגעקוקט, האָט זי איהרע טרעהרען זיך אָבשפּיעגלען

געזעהן אין זיינע זאַנפטע אויגען. און ווען ליעבע, משוגע פון שמערץ, האָט אויסגעשריען: „איך בין מיעד, איך בין מיעד! כ'קען ווייטער ניט מעהר וואַנדערען. דאָס ליכט איז אין גאַנצען הינטער אונז, און הוילער חושך איז פאַר אונז", האָט אַ קליינטשיק ראָזיג פינגערל אָנגעצייגט, וואו דאָס ליכט פון דער זונן איז אויף די בערג געלעגען. שטענדיג זיינען זיינע ברייטע אויגעלעך געווען אומעטיג און פער־טראַכט; שטענדיג האָט דאָס איידעל מיילכעל רוהיג געשמייכעלט!

ווען לעבען האָט אָן די שאַרפע שטיינער איהרע פיס צושניטען, האָט ער מיט זיין קליידעל דאָס בלוט אַרומגע־ווישט, און מיט די ליפּעלעך די וואונדען אויסגעקושט. ווען אין דער מדבר האָט ליעבע אַ פער'חלש'טע זיך אַניעדער־געלעגט, (דען אויך ליעבע אַליין ווערט מיעד), איז ער מיט זיינע נאַקעטע פיסעלעך איבער'ן הייסען זאַמד געלאָפען, און אפילו אין דער וויסטענים האָט ער צווישען די פעלזען וואַסער געפונען, ליעבע'ם ליפּען צו בענעצען. ער איז קיין לאַסט ניט געווען — ער האָט זיי קיינמאָל ניט שווער געמאַכט; ער האָט זיי נור געהאָלפען פאָרווערטס אויף זייער וואַנדערונג צו געהן.

ווען זיי זיינען געקומען צו דעם פינסטערען שלוכט, וואו די אייז־ליכטלעך זיינען פון די פעלזען אַראָבגעהאַנגען — וואָרים ליעבע און לעבען מוזען דורך משונה'דיג שרעק־ליכע פּלעצער דורכגעהן — דאָרטען, וואו אַלעס איז קאַלט און דער שנעע ליעגט טיעף, האָט ער זייערע געפראָרענע הענד גענומען, צוגעדריקט צו זיין קליין הערצעל און זיי

דערוואַרעמט — און צערטליך האָט ער זיי געצויגען ווייטער און ווייטער.

און ווען זיי זיינען דאָס איבערגעקומען, און דאָס לאַנד פון זונען־שיין און בלומען דערגרייכט, האָבען די אויגען פון דעם קליינעם וועזען זאָנדערבאַר אויפגעלויכטען און גריבעלעך האָבען זיך אויף זיינע באַקען געלעגט. מיט אַ פרעהליכען געלעכטער איז ער איבער'ן ווייכען גראָז געלאָפען; פון דעם אויסגעלעכערטען בוים האָניג צונויפגעזאַמעלט און אויף דעם פלאַך פון זיין האַנד פאַר זיי עס געבראַכט; אין די בלעטער פון אַ ליליע האָט ער וואַסער זיי דערלאַנגט; און בלומען האָט ער געקליבען און קרענץ אויף זייערע קעפּ פון זיי אויס־געפלאָכטען — און אַלץ מיט אַ זיס געלעכטערעל בעת מעשה. ער האָט זיי בעריהרט פונקט ווי זייער פרייד פלעגט זיי בעריהרען, נאָר צערטליכער האָבען זיינע פינגערלעך זיך געקלעבט.

און ווייטער האָבען זיי אַזוי געוואַנדערט, דורך די דונקעלע לענדער און די ליכטיגע, אימער מיט דעם קליינ־טשינקען שמייכעלדיגען וועזען צווישען זיי. אָפטמאָל האָבען זיי זיך אָן דעם ערשטען שטראַהלענרען פרייד דערמאָנט און צו זיך געשעפּטשעט: „אַך, ווען מיר וואָלטען געקענט אויך איהם געפינען!"

ענדליך זיינען זיי אָנגעקומען דאָרט, וואו נאָכדענקען זיצט: די זאָנדערבאַרע זקנה, וואָס האַלט שטענדיג איין עלענבויגען אויף דער קניע אָנגעשפּאַרט, און מיט דער צווייטער האַנד די קינבאַק אונטערגעלעהנט; די, וועלכע

גנב'עט אָב ליכט פון דער פערגאַנגענהייט, כדי צו בעלייכטען דערמיט די צוקונפט.

און לעבען און ליעבע האָבען אויסגערופען: „אָה, דו חכמה! זאָג אונז: ווען מיר האָבען צום ערשטען מאָל זיך בעגעגענט, האָבען מיר א ליעבליך, שטראַהלענדען וועזען פערמאָגט — צופריעדענהייט אָהן א טרעהר, זונען־שיין אָהן א שאָטען. אַך, מיט וואָס האָבען מיר זיך אזוי פערזינדיגט, אז מיר האָבען עס פערלאָרען? וואו זאָלען מיר געהן, כדי עס צו געפינען?"

און זי, די קלוגע זקנה, האָט זיי געענטפערט: „וועט איהר אָט דאָס וועזען, וואָס געהט לעבען אייך, אָבגעבען, כדי יענעם צוריק צו קריגען?"

און אין גרויס אנגסט האָבען ליעבע און לעבען אויס־געשריען: „ניין!"

„אָבגעבען אָט דעם!" — האָט לעבען אויסגערופען. — „ווען דערנער וועלען מיך פערוואונדען, ווער וועט דאָס גיפט אויסזויגען? ווען אין קאָפּ וועט האמערען, ווער וועט די הענדטעלעך ארויפלעגען און דאָס קלאַפּען איינשטילען? אין קעלט און חושך, ווער וועט מיין פרירענד הארץ דער־וואַרעמען?"

און ליעבע האָט אויסגערופען: „בעסער וועל איך שטאַרבען! אָהן פרייד קען איך לעבען; אָהן איהם אָבער איז אונמעגליך. איך וועל בעסער שטאַרבען, איידער איהם פערלירען!"

און די קלוגע זקנה האָט געענטפערט: „אָה, נאַרען און בלינדע! דאָס וואָס איהר האָט אמאָל געהאַט, איז דאָס

אייגענע וואָס איהר האָט איצטער! ווען לעבען און ליעבע בעגעגענען זיך צום ערשטען מאָל, ווערט א שטראהלענד ווענן געבאָרען, אָהן א פיצעל שאָטען. ווען דער וועג הויבט אָן שווערער צו ווערען, ווען די שאָטענס ווערען טונקעלער, ווען די טעג זיינען שווער, און די נעכט קאַלט און לאַנג, — דאן פאַנגט זיך עס אָן צו ענדערען. ליעבע און לעבען ווילען עס ניט זעהן, ווילען עס ניט וויסען — ביז איין שעהנעם טאָג זעהען זיי זיך פּלוצלונג ארום, און ווינען: „אך גאָט! אך גאָט! מיר האָבען עס פערלאָרען! וואו איז עס?" זיי בעגרייפען ניט, אז זיי קענען ניט מיט־נעהמען דאָס לאַבענדע ווענן אונגעענדערט אין דער מדבר, אין פראָסט און אין שנעע. זיי ווייסען ניט, אז דאָס ווענן, וואָס געהט לעבען זיי, איז אַלץ דאָס זעלבע פרייד, נאָר א ביסעל געעלטערט. דאָס ערנסטע, ליעבע, צערטליכע ווענן — וואַרעם אין קעלטסטען שנעע, בראַוו אין וויסטעסטען מדבר — זיין נאָמען איז סימפּאַטהיע; דאָס איז די פאָלקאָמענע ליעבע.





.2

# דער יעגער.

---

אין געוויסע טהאָלען האָט געלעבט אַ יעגער. טאָג־איין טאָג־אויס איז ער אויף געיעג נאָך ווילדע־עופות אין די וועלדער געגאַנגען; און איינמאָל האָט זיך געמאַכט אַז ער איז ביי די ברעגעס פון אַ גרויסען טייך געשטאַנען. שטע־הענדיג אַזוי צווישען די ראָהר און וואַרטענדיג אויף די פויגעל, האָט זיך איבער איהם אַ גרויסער שאָטען אַראָבגעלאָזט, און אין וואַסער האָט ער דערזעהן אָן אָבשפּיגלונג. ער האָט ארויפגעקוקט צום הימעל; אָבער די זאַך, פון וואָס דער שאָטען איז געפאַלען, איז געווען פערשוואונדען. און אַ ברע־נענדיגער בעגעהר האָט זיך אין איהם צופלאַקערט, נאָך אַמאָל צו זעהן די אָבשפּיגלונג אין וואַסער, און אַ גאַנצען טאָג האָט ער געלויערט און געוואַרט; אָבער די נאַכט איז צוגעפאַלען, און מעהר האָט זיך עס ניט בעוויזען. דאַן איז ער אהיים געגאַנגען מיט אַ ליידיגען זאַק, אומעטיג און שטיל. זיינע חברים זיינען געקומען און איהם געפרעגט, וואָס האָט מיט איהם פּאַסירט, אָבער ער האָט זיי גאָר נישט געענטפערט; ער איז געזעסען אַליין און זיך געגריבעלט אין מחשבות. דאַן איז זיין פריינד געקומען, און צו איהם האָט ער גערעדט.

„איך האָב היינט געזעהן“, האָט ער געזאָגט, „דאָס וואָס איך האָב ביז איצט נאָך קיינמאָל ניט געזעהן — א גרויס ווייס פויגעל, מיט זילבערנע אויסגעשפרייטע פליגעל, שווע־בענדיג אין אייביג־בלויען הימעל. און איצט פיהל איך אזוי ווי א גרויס פייער וואָלט זיך צופלאַקערט אין מיין ברוסט. ס'איז ניט מעהר ווי א שיין, א גלאַנץ, אן אָבשפּיגלונג אין וואַסער געוועזן; איך האָב אָבער איצט מעהר ניט קיין אנדער וואונש אויף דער ערד, ווי נאָר דיעזען פויגעל צו בעזיצען.“

זיין פריינד האָט געלאַכט:

„ס'איז ניט מעהר ווי א שטראַהל געוועזן, וואָס האָט אויפ'ן וואַסער געשפּיעלט, אָדער דער שאָטען פון דיין אייגע־נעם קאָפּ. מאָרגען וועסטו פערגעסען אָן דעם“, האָט ער געזאָגט.

אָבער מאָרגען, און איבערמאָרגען, און איבער־איבער־מאָרגען איז אַלץ דער יעגער אומגעגאַנגען אַליין. ער האָט געזוכט אין וואַלד, צווישען די בוימער, ביין טייך צווישען די טראָסטניקעס, ער האָט איהם אָבער ניט געפונען. ער האָט קיין ווילד־פויגעל מעהר ניט געשאָסען; וואָס פאַר א ווערדע האָבען זיי פאַר איהם געהאַט?

„וואָס פעהלט איהם?“ האָבען זיינע חברים געפרעגט.

„ער איז משוגע“, האָט איינער געזאָגט.

„ניין, נאָך ערגער“, האָט אנאַנדערער געזאָגט; „ער וויל אזעלכעס זעהן, וואָס קיינער פון אונז האָט נאָך ניט געזעהן, און זיך פאַר אַן אויסנאַהם מאַכען“.

„קומט, לאָמיר זיך פערשווערען, אז ער זאָל אין אונזער חברותא ניט קומען“, האָבען אַלע געזאָגט.

און אַזוי איז דער יעגער איינזאַם געבליבען.

איין נאַכט, וואַנדערנדיג אין שאָטען, מיט אַ צוואַוועהד־טאָגט האַרץ און וויינענדיג, האָט זיך צו איהם אַן אַלטער מאַן בעוויזען, אַ שטאָלצער און אַ העכערער איידער אַלע מענשען־זיהן.

„ווער ביזטו?“, האָט דער יעגער געפרעגט.

„איך בין ווייזהייט, האָט דער זקן געענטפערט, נאָר מאַנכע רופען מיך וויסען. מיין גאַנץ לעבען האָב איך אין דיעזע טהאָלען פערבראַכט, נאָר קיינער זעהט מיך ניט, סיידען ער האָט פיעל געליטען. די אויגען מוזען מיט טרעה־רען געוואַשען ווערען כדי מיך זעהן צו קענען; און לויט ווי איינער ליידעט, אַזוי רייד איך.“

און דער יעגער האָט אויסגערופען:

„אָה, דו אַלטער, וועלכער האָט דאָ אַזוי לאַנג געלעבט, זאָג מיר, וואָס איז דאָס פאַר אַ גרויסער ווילדער פויגעל, וועל־כען איך האָב אונטער'ן בלויען הימעל שוועבען געזעהן? זיי ווילען מיר איינריידען, אַז דאָס איז אַ חלום געוועזן, דער שאָטען פון מיין אייגענעם קאָפּ.“

דער אַלטער האָט געשמייכעלט.

„זיין נאָמען איז אמת. דער וואָס האָט איהם איינמאָל געזעהן, רוהט מעהר ניט, ביז צום טויט יאָגט ער זיך נאָך איהם.“

און דער יעגער האָט אויסגערופען:

„אָה, זאָג מיר, וואו קען איך איהם געפינען?“

אָבער דער אַלטער האָט געזאָגט:

„ניט גענוג נאָך האָסטו געליטען“, און ער איז אַוועק.

דער יעגער האָט דאַן דאָס וועב־שיפעל פון דמיונות פון זיין ברוסט גענומען, און האָט אויף איהם דעם פאָדים פון זיינע פערלאַנגען אָנגעוויקעלט, און א גאַנצע נאַכט איז ער געזעסען און א נעץ געוועבט.

אין דער פריה האָט ער דעם גאָלדענעם נעץ אויף דער ערד אויסגעשפרייט, האָט אין איהם עטליכע קערנער פון אמונה אריינגעוואָרפען, וועלכע זיין פאָטער האָט איהם בירושה איבערגעלאָזט, און וועלכע ער האָט אין זיין ברוסט־קעשענע געהאַלטען. זיי זיינען געווען ווי ווייסע באַלען פון פודער, און ווען מען האָט אויף זיי אַרויפגעטראָטען, איז פון זיי אַרויס א ברוינער שטויב. דערנאָך האָט ער זיך אוועקגעזעצט אָן א זייט, צו זעהן וואָס עס וועט פאַסירען. דער ערשטער פויגעל וואָס איז אין נעץ אריין, איז געווען שנעע־ווייס, מיט אויגען פון א טויב, און א שעהן ליעד האָט ער געזונגען — „א מענשליכער־גאָט! א מענשליכער־גאָט! א מענשליכער־גאָט!" האָט ער געזונגען. דער צווייטער וואָס איז אריין, איז שווארץ און געהיימניספול געווען, מיט טונקעלע ליעבליכע אויגען, וועלכע האָבען אין דער טיעפענים פון דער נשמה אריינגעקוקט, און זיין איינציג געזאַנג איז געווען — „אונשטערבליכקייט!"

און דער יעגער האָט זיי ביידע אין זיינע אָרעמס גענו־מען, דען ער האָט זיך געטראַכט:

„זיי שטאַמען געוויס פון דער שעהנער משפחה פון אמת."

דערנאָך איז אַן אנדער פויגעל געקומען, א גרין־און גאָלד־קאָלירטער, וועלכער האָט מיט א שרייעדיגען קול,

פּונקט ווי אַ מאַרק־שרייער, געזונגען: „שכר נאָכ׳ן טויט! שכר נאָכ׳ן טויט!“

און דער יעגער האָט געזאָגט:

„דו ביזט ניט אַזוי שעהן, דאָך ביזטו אויך שעהן“, און ער האָט איהם גענומען.

און אַנדערע זיינען געקומען, העל־קאָלירטע, זינגענדיגע זיסע נגונים, ביז אַלע קערנער זיינען אויסגעגאַנגען. און דער יעגער האָט אַלע פויגעל צוזאַמענגענומען, האָט אויסגעבויט אַ שטאַרקע אייזערנע שטייג, וואָס הייסט אַ נייע אמונה, און האָט זיי דאָרט אַלע אריינגעזעצט.

דאַן זיינען די מענשען געקומען טאַנצענדיג און זינגענדיג.

„אָה, גליקליכער יעגער!“ האָבען זיי געשריען, „אָה, וואונדערבאַרער מענש! אָה, רייצענדע פויגעל! אָה, זיסע געזענג!“

קיינער האָט ניט געפרעגט, ניט פון וואַנען די פויגעל זיינען געקומען, ניט ווי אַזוי מען האָט זיי געפאַנגען; זיי האָבען נאָר געטאַנצט און געזונגען פאַר זיי. און אויך דער יעגער איז צופריעדען געווען, דען ער האָט זיך געטראַכט:

אמת מוז זיכער זיין צווישען זיי. מיט דער צייט וועט ער זיינע פעדערען בייטען, און איך וועל זעהן זיין שנעע־ווייס געשטאַלט.

אָבער די צייט איז זיך געגאַנגען; די מענשען האָבען געזונגען און געטאַנצט; נאָר דעם יעגער איז שווערער אויפ׳ן הארצען געוואָרען. אַזוי ווי פריהער איז ער איינזאַם אַרומ־געגאַנגען און געוויינט; דער מורא׳דיגער פערלאַנג האָט

ווידער אויפגעוואַכט אין זיין ברוסט. איין טאָג, זיצענדיג אַזוי אַליין און וויינענדיג, האָט איהם ווייזהייט בעגעגענט. ער האָט דעם אַלטען דערצעהלט וואָס ער האָט געטהאָן.

און ווייזהייט האָט געשמייכעלט טרויעריג.

„פיעל מענשען“, האָט ער געזאָגט, „האָבען דעם דאָזיגען נעץ אויסגעשפרייט פאַר'ן אמת; זיי האָבען איהם אָבער קיינמאָל ניט געפאַנגען. אויף די קערנער פון אמונה וועט ער זיך קיינמאָל ניט נעהרען; אין דעם נעץ פון פערלאַנגען קענען זיך זיינע פיס ניט פערטשעפּען; די לופט פון אָט די טהאָלען וועט ער ניט אָטהעמען. די פויגעל וואָס דו האָסט געפאַנגען, זיינען פון ליגענס געבריהט; ליעבליך און שעהן זיינען זיי, אָבער אַלץ שקר; אמת קען זיי ניט!“

און דער יעגער האָט ביטערליך אויסגעשריען:

„און צי דען מוז איך דאָ רוהיג זיצען און פערצעהרט ווערען פון אָט דעם גרויסען בראַנד?“

און דער אַלטער האָט געזאָגט:

„הער אויס, ווייל דו האָסט פיעל געליטען און אַ סך געוויינט, וועל איך דיר זאָגען וואָס איך וויים. ווער עס געהט אַרויס זוכען דעם אמת, דער מוז אָט די טהאָלען פון אָבער־גלויבען אויף אייביג פערלאָזען, און ניט מיטנעהמען ניט איין פיצעל זאַך וואָס האָט געהערט צו זיי. איינזאַם מוז ער ארונטערוואַנדערען אין דעם לאַנד פון פאָלשטענדיגער פערניינונג און אָבלייקענונג; ער מוז דאָרט בלייבען; ער מוז ביישטעהן נסיונות; ווען דאָס ליכט ברעכט אויס, מוז ער אויפשטעהן און עס נאָכגעהן אין דעם לאַנד פון טרוקענעם זונען־שיין. די בערג פון גרויזאַמערווירקליכקייט וועלען פאַר

זיינע אויגען זיך אויפהויבען; ער מוז אויף זיי ארויפשטיי־
גען; הינטער זיי געפינט זיך אמת."

„און ער וועט איהם פעסט־האלטען! ער וועט איהם
מיט זיינע הענד אננעהמען?!" האט דער יעגער אויסגע־
שריען.

ווייזהייט האט מיט'ן קאפ געשאקעלט.

„ער וועט איהם קיינמאל ניט זעהן, קיינמאל ניט ער־
גרייפען. ס'איז נאך די צייט ניט דערפאר."

„דאן גיט עס קיין האפנונג ניט?", האט אויסגעשריען
דער יעגער.

„אט וואס עס גיט", האט ווייזהייט געזאגט. „אויף
די דאזיגע בערג האבען שוין מאנכע מענשען געקלעטערט;
א טרעפעל נאך א טרעפעל האבען זיי אין די נאקעטע פעלזען
אויסגעהאקט; און וואנדערנדיג דארט, אין די הויכע געגענ־
דען, האבען אייניגע פון זיי דאס מזל געהאט אויפצוהויבען
פון דער ערד איינציגע ווייסע, זילבערנע פעדערען, וועלכע
זיינען פון אמת'ס פליגלען ארויסגעפאלען. און א צייט וועט
קומען", האט דער זקן געזאגט, זיך ערהויבענדיג ווי א נביא
און אנצייגענדיג מיט'ן פינגער צום הימעל, „עס וועט קומען
א צייט, ווען גענוג פעדערען וועלען זיך האבען צונויפגע־
קליבען אין די הענד פון מענשען, און זיי וועלען אויסגעשפו־
נען ווערען אין פעדים, און פון די פעדים וועט א נעץ אויס־
געוועבט ווערען, כדי אין אט דעם נעץ זאל אמת קענען גע־
פאנגען ווערען. קיין אנדער זאך אויסער
אמת קען ערגרייפען דעם אמת."

דער יעגער איז אויפגעשטאַנען. „איך וועל געהן“, האָט ער געזאָגט.

אָבער וויזהייט האָט איהם צוריקגעהאַלטען.

„געדענק עס גוט — דער, וואָס פערלאָזט די דאָזיגע טהאָלען, קעהרט זיך ק י י נ מ אָ ל ניט אום צו זיי. ווען ער זאָל אפילו מיט בלוטיגע טרעהרען וויינען זיעבען טעג און זיעבען נעכט ביי די גרענעצען פון דיעזע טהאָלען, קען מעהר אויף אייביג זיין פוס זיי ניט בעטרעטען. איינמאָל פערלאָזט — זיינען זיי אויף אייביג פערלאָזט. אויף דעם וועג, וואָס דו ווילסט געהן, איז ניטאָ קיין בעלוינונג, קיין שכר. ווער עס געהט, געהט פרייוויליג — צוליעב דער גרויסער ליעבע וואָס איז אין איהם. די אַרבייט איז זיין שכר.“

„איך געה“, האָט געזאָגט דער יעגער; „נאָר זאָג מיר, וועלכען וועג זאָל איך אויף די בערג נעהמען?“

„איך בין דאָס קינד פון אָנגעזאַמעלטען וויסען פון יאָהרהונדערטע“, האָט דער אַלטער געזאָגט; „איך קען נאָר דאָרט געהן, וואו פיעלע מענשען האָבען דעם וועג אויסגע־טרעטען. אויף די דאָזיגע בערג זיינען וועניג פוס־טריט גע־מאַכט געוואָרען; יעדער איינער האָקט זיך אויס אַ וועג פאַר זיך. ער געהט אויף זיין אייגענער ריזיקע; מיין קול הערט ער ניט מעהר. איך קען נ אָ ך א י ה ם נאָכגעהן, אָבער איהם פאָראויס קען איך ניט געהן.

דאַן איז וויזהייט פערשוואונדען.

און דער יעגער האָט זיך אומגעקעהרט. ער איז צוגע־גאַנגען צו זיין שטייג, און האָט מיט זיינע הענד די שטאַנגען צובראָכען, און דער געבראָכענער אייזען האָט זיין פלייש צו־

ריסען. עס איז מאנכעס מאל לייכטער צו בויען, איידער צו ברעכען.

איינעם נאך דעם אנדערען האט ער גענומען זיינע גע־פעדערטע פויגעל און זיי געלאזט אוועקפליהען. אבער, ווען ער איז געקומען צום שווארץ־פעדערדיגען פויגעל, האט ער איהם געהאלטען, און אין זיינע שעהנע אויגען אריינגעקוקט, און דער פויגעל האט ארויסגעלאזט זיין ניעדריג־טיעפען געשריי: „אונשטערבליכקייט!"

און געשווינד האט ער געזאגט: „איך קען מיך מיט איהם ניט שיידען. ער איז ניט שווער; ער דארף ניט קיין שפייז. איך וועל איהם אין מיין ברוסט בעהאלטען; איך וועל איהם מיטנעהמען". און ער האט איהם דארט פערגראָ־בען, און מיט זיין מאנטעל צוגעדעקט.

אבער די זאך, וואס ער האט ביי זיך בעהאלטען, איז געווארען שווערער, שווערער, און שווערער — ביז עס איז אויף זיין הארצען ווי א בליי געלעגען. ער האט זיך דערמיט ניט געקענט ריהרען. ער האט דערמיט די טהאלען ניט גע־קענט פערלאזען. דאן האט ער דעם פויגעל צוריק ארויסגע־נומען און געקוקט אויף איהם.

„אך, מיין שעהנער, מיין הארצענסגעליעבטער!" האט ער אויסגערופען; „טאר איך אויך דיר ניט מיטנעהמען?"

טרויעריג האט ער זיינע הענד געעפענט.

„געה", האט ער געזאגט. „מעגליך, אז אין אמת'ס נעזאנג איז פאראן א טאן עהנליך צו דיינעם; אבער איך וועל עס קיינמאל ניט הערען."

טרויעריג האָט ער זיין האַנד אויפגעמאַכט, און דער פויגעל איז פון איהם אַוועקגעפלויגען אויף אייביג.

פון דעם וועב־שיפעל פון דמיונות האָט ער דאַן דעם פאָדים פון פערלאַנגען אַרויסגענומען, און איהם צו דר'ערד געוואָרפען; דאָס ליידיגע וועב־שיפעל האָט ער ביי זיך אין ברוסט אַריינגעלעגט; וואָרים נאָר דער פאָדים איז אין דיעזע טהאָלען געשפונען געוואָרען, דאָס וועב־שיפעל אָבער איז פון אַן אונבעקאַנט לאַנד געקומען. ער האָט גענומען אַוועקגעהן, איצט אָבער האָבען זיך די מענשען אַרום איהם מיט אַ געפיל־דער אַרומגעקליבען.

„שוטה, יאַגד־הונד, פעררוקטער, משוגע'נער!“ האָבען זיי געשריען. „ווי האָסטו געוואַגט דיין שטייג צו צוברעכען, און די פויגעל אַוועקפליהען צו לאָזען?“

דער יעגער האָט גערעדט; אָבער זיי האָבען איהם ניט געוואָלט אויסהערען.

„אמת! וואָס איז דאָס אַזוינס? קענסט עס עסען? קענסט עס טרינקען? האָט עס ווער געזעהן? דיינע פויגעל זיינען געוועזען אַ ווירקליכקייט; אַלע האָבען געקענט הערען ווי זיי זינגען! אָה, דו שוטה! בייזע שלאַנג! כופר בעיקר!“ האָבען זיי געשריען, „די לופט פעראונרייניגסטו דאָך.“

„קומט, לאָמיר איהם מיט שטיינער פערוואַרפען“, האָבען איינינגע געשריען.

„וואָס איז דאָס אונזער עסק? לאָזט איהם לויפען דעם נאַר“, האָבען אַנדערע געזאָגט, און זיי זיינען אַוועקגעגאַנגען. אָבער די איבעריגע האָבען שטיינער און בלאָטע אויפגעהויבען און געוואָרפען אויף איהם. לסוף, אַ צוקיילטער, אַ צובליטער,

איז דער יעגער אין וואַלד פערקראָכען. און אַרום איהם איז געוואָרען אבענד.

ער איז געגאַנגען און געגאַנגען, און דער שאָטען איז אַלץ טיעפער געוואָרען. ער איז אָנגעקומען צו די גרענעצען פונ'ם לאַנד, וואו עס איז אייביג נאַכט. ער איז אַהין אַריינגעטראָטען, און האָט מעהר פאַר זיך קיין ליכט ניט געהאַט. מיט די הענד האָט ער אַרום זיך געטאַפּט; אָבער יעדער צווייגעל וואָס ער האָט אָנגעריהרט האָט זיך אָבגעבראָכען, און די ערד איז מיט אַש בעדעקט געוועזען. ביי יעדען טריט האָבען זיך זיינע פיס איינגעגראָבען, און אַ דינער שטויב־וואָלקען איז איהם אין פּנים געפלויגען, און עס איז חושך געוועזען. אַזוי האָט ער זיך אויף אַ שטיין געזעצט און זיין פּנים אין די הענד פערגראָבען, איבערצוואַרטען אין דעם לאַנד פון פערניינונג און אָבלייקענונג, ביז עס וועט ליכטיג ווערען.

און נאַכט איז אויך ביי איהם אין האַרצען געוועזען.

פון די זומפּען רעכטס און לינקס אַרום איהם האָבען זיך קאַלטע כמאַרעס אויפגעהויבען און איהם איינגעוויקעלט. אַ שיטערער, קוים בעמערקבאַרער רעגען איז געפאַלען אין דער פינסטערניס, און גרויסע טראָפּענס האָבען זיך אויף זיינע האָר און קליידער צונויפגעקליבען. לאַנגזאַם האָט זיין האַרץ געקלאַפּט, און אַ מיעדיגקייט האָט אַלע זיינע אברים דורכ־גענומען. דאַן, אַרויפקוקענדיג, האָט ער צוויי פינקעלדיגע אַרומשפּרינגענדיגע ליכטלעך דערזעהן. ער האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ זיי צו בעטראַכטען. נעהנטער, אַלץ נעהנטער זיינען זיי צוגעקומען. אַזוי וואַרעם, אַזוי העל, ווי פייערדיגע שטערן

האָבען זיי ארומגעטאַנצט. ענדליך זיינען זיי נאָהענט צו איהם צוגעקומען. פונ'ם סאַמע מיטען פון איינעם פון די פינקעלדיגע פלעמלעך האָט אַ פרויען־געזיכט ארויסגעקוקט, אַ שמייכעלדיגס, אַ חנ'עוודיגס, מיט צופלאָסענע געלע לאָקען. פון דעם מיטעלפונקט פון דעם אַנדערען האָבען זיך פרעהליכע, לאַכעדיגע קרייזעלעך, ווי די בלעזלעך אין אַ גלאָז וויין, ארויסגעזעהן. זיי זיינען ארומגעשפּרונגען פאַר איהם.

„ווער זייט איהר?", האָט דער יעגער געפרעגט, „וואָס איהר קומט אַליין צו מיר אין מיין איינזאַמקייט און פינס־טערנים?"

„מיר זיינען דער תאוה־צווילינג", האָבען זיי געענטפערט; אונזער פאָטער'ס נאָמען איז מענשליכע־נאַטור, און אונזער מוטער'ס — איבערזעטיגונג. אזוי אַלט ווי די בערג און טייכען זיינען מיר, אזוי אַלט ווי דער ערשטער מענש; מיר שטאַרבען אָבער קיינמאָל נישט", האָבען זיי געלאַכט.

„אָה, לאָז מיך ארומוויקלען דיר מיט מיינע אָרעמס!" האָט די ערשטע צו איהם גערופען; „זיי זיינען אזוי ווייך, אזוי וואַרעם. פערפראָרען איז דיין האַרץ איצט, אָבער איך וועל עס מאַכען עס זאָל ווידער שלאָגען. אָה, קום צו מיר!"

„מיין זודיג לעבען וועל איך אין דיר אריינגיסען", האָט די צווייטע געזאָגט; „דיין מאַרך איז טעמפּ, און אָבגעשטאָר־בען זיינען דיינע אברים; אָבער מיט אַ מעכטיג פריי לעבען וועלען זיי אויפלעבען. אָה, לאָז עס מיר אריינגיסען!"

„אָה, קום מיט אונז", האָבען זיי גערופען, „און לעב מיט אונז. נאָבעלערע הערצער ווי דאָס דייניגע זיינען אין אָט דעם חושך געזעסען און געוואַרט, און צו אונז זיינען זיי געקומען

און מיר צו זיי; און קיינמאָל האָבען זיי אונז ניט פערלאָזען, קיינמאָל ניט. אַלעס אַנדערע איז איינבילדונג; נור מ י ר זיינען ווירקליך, מיר זיינען ווירקליך. אמת איז אַ שאָטען; די טהאָלען פון אבערגלויבען איז חוזק; די ערד איז פון שטויב, די בוימער זיינען אַלע צופוילט; נור מיר — פיהל אונז — מיר לעבען! וועגען אונז איז ניטאָ קיין ספיקות. פיהל, ווי וואַרעם מיר זיינען! אָה, קום צו אונז! קום מיט אונז!"

נעהנטער און נעהנטער האָבען זיי אַרומגעטאַנצט אַרום זיין קאָפּ און די קאַלטע טראָפּענס זיינען צושמאָלצען געוואָרען אויף זיין שטערען. דאָס שיינענדע ליכט האָט אין זיינע אויגען געשאָסען, האָט איהם געבלענדט, און דאָס געפּראָרענע בלוט האָט פּליסען אָנגעהויבען. און ער האָט געזאָגט:

„באמת, וואַרום זאָל איך אין דעם מורא'דיגען חושך שטאַרבען? זיי זיינען וואַרעם, זיי מאַכען צוגעהן מיין געפּראָרען בלוט!" און ער האָט זיינע הענד אויסגעשטרעקט זיי אַרומצונעהמען.

אין דעם אויגענבליק איז אויסגעוואַקסען פאַר איהם דאָס בילד פון דער זאַך וואָס ער האָט געליעבט, און די הענד זיינען איהם צוריק אַראָבגעפאַלען.

„אָה, קום צו אונז!" האָבען זיי גערופען.

„איהר בלענדט מיינע אויגען", האָט ער אויסגעשריען, „איהר וואַרעמט מיין ברוסט; איהר קענט אָבער מיר ניט געבען דאָס וואָס איך בעגעהר. דאָ וועל איך וואַרטען — ביז אין טויט וועל איך וואַרטען. געהט!"

ער האָט זיין פּנים מיט די הענד פערשטעלט, און זיך

מעהר ניט צוגעהערט; און ווען ער האָט ווידער אמאָל ארויס־געקוקט, איז פון זיי צוויי פינקעלדיגע שטערן געוואָרען, וועלכע האָבען זיך פערלאָרען אין דער ווייטקייט.

און די לאנגע, לאנגע נאכט האָט זיך געצויגען.

אלע די וואָס פערלאָזען די טהאָלען פון אבערגלויבען געהען דורך דיעזען פינסטערען לאנד; נאָר אנדערע געהען עס דורך אין אייניגע טעג, מאנכע נעהמט עס מאָנאטען, א טהייל בלייבען דאָרט פאר יאָהרען, און אנדערע שטארבען דאָרט.

ענדליך האָט זיך פאר דעם יעגער בעוויזען א שוואכער שיין אויפ׳ן האָריזאָנט, און ער האָט זיך אויפגעהויבען איהם נאָכצוגעהן; און דערגרייכט האָט ער איהם לסוף, און ער איז אריינגעטרעטען אין בריטען זונען־שיין. דאן האָבען זיך פאר איהם ערהויבען די אלמעכטיגע בערג פון טרוקענע פאַקטען אוןווירקליכקייטען. דער לויטערער זונען־שיין האָט געשפּיעלט אויף זיי, און די שפּיצען זייערע האָבען זיך אין די וואָלקענס פערלאָרען. ביים פוס־בארג זיינען געווען פיעלע וועגען וואָס האָבען זיך געצויגען ארויף־צו. א פריי־דענס־געשריי האָט זיך פון דעם יעגער׳ס ברוסט ארויסגעריסען. ער האָט דעם גלייכסטען וועג גענומען און אָנגעהויבען קלעטערען; און די פעלזען און די בערג האָבען מיט זיין ליעד אָבגעקלונגען. זיי האָבען מגזם געווען; נאָך אלעמען איז עס גאָר ניט אזוי הויך, און דער וועג איז אויך גאָר ניט אזוי משופּע! עטליכע טעג, אייניגע וואָכען, א פּאָר מאָנאטען העכסטענס, און ער איז ביים שפּיץ! ניט נאָר איין פעדער וועט ער אויפהויבען, נאָר ער וועט אויך צונויפקלייבען די

אַלע פּערערען וואָס אַנדערע האָבען געפונען — דעם נעץ וועט ער וועבען — דעם אמת פאַנגען — איהם פעסט־האַלטען — מיט די הענד בעריהרען — איהם אומאַרמען.

געלאַכט האָט ער אין לוסטיגען זונען־שיין, און הויך געזונגען. נאָהענט איז געווען דער זיעג. נור דאָך, אַ ביסעל שפּעטער איז דער וועג משופּע'דיגער געוואָרען. זיין גאַנצען אָטהעם האָט ער אויפ'ן קלעטערען פערברויכט, און דאָס געזאַנג איז אָבגעשטאָרבען. רעכטס און לינקס האָבען זיך אונגעהייערע פעלזען אויפגעהויבען, נאַקעטע, אָהן אַ פּיצעל מאָך, און אין דער לאַוואַ'דיגער ערד, האָבען הייהלען, ווי אָפענע מיילער געגענעצט.. דאָ און דאָרט האָט ער ווייסע ביינער גלאַנצען געזעהן. דער שטעג איז איצט אויך װעניגער קענטיג געוואָרען; דערנאָך איז קוים אַ שפּור געבליבען, בלויז אַ פוס־טריט דאָ און דאָרט; דאַן האָט עס אין גאַנצען אויפגעהערט. ניט געזונגען האָט ער מעהר, נור אַ שטעג פאַר זיך אליין געהאַקט, ביז אָן אַ מעכטיגען פעלזען האָט ער זיך אָנגעשטויסען, גלאַט, אָהן אַ שפּעלטעל אפילו, וועלכער האָט זיך געצויגען אַזוי ווייט ווי זיין אויג האָט פערנומען. „אַ טרעפּ וועל איך אויסבויען געגען דער וואַנד; און, איינמאָל איהר אַרויפגעקלעטערט, וועל איך שוין באַלד דאָרטען זיין“, האָט ער מוטהיג צו זיך אליין געזאָגט און געאַרבייט. מיט דעם וועב־שיפעל פון דמיונות האָט ער שטיינער אויסגעגראָבען; אָבער אַ טהייל פון זיי האָבען ניט צוזאַמענגעפּאַסט, און די אַרבייט פון אַ האַלבען חודש האָט זיך אַרונטערגע־קייקעלט, ווייל די וואָס זיינען אונטען געלעגען זיינען שלעכט אויסגעקליבען געוועזן. אָבער דער יעגער האָט ווייטער גע־

ארבייט, זאָגענדיג כסדר צו זיך: „איינמאָל די וואנד ארויפ־געקלעטערט, וועל איך באלד דאָרטען זיין. די גרויסע ארבייט וועט זיין געענדיגט."

ענדליך האָט ער דעם שפּיץ דערגרייכט, און ער האָט געבליקט ארום זיך. ווייט אונטען האָט זיך דער ווייסער טומאַן איבער די טהאָלען פון אבערגלויבען געדרעהט, און איבער איהם האָבען זיך די בערג געטהורעמט. פריהער האָבען זיי ניעדריג אויסגעזעהן; איצט אָבער זיינען זיי מיט אן אומ־ניט צו דערוואָרפען געוועזן, פון שפּיץ ביז צום פונדאמענט ארומגערינגעלט מיט פעלזען־ווענד, וועלכע האָבען זיך א רייהע נאָך א רייהע אין מעכטיגע צירקלען אויפגעהויבען. אויף זיי האָט אייביגער זונען־שיין געשפּיעלט. א ווילד געשריי האָט זיך פון איהם ארויסגעריסען. ער האָט זיך אראָבגעבויגען צו דער ערד, און ווען ער האָט צוריק זיך אויפגעהויבען, איז זיין פּנים וויים געוועזן. אין דער טויט־שטילקייט איז ער ווייטער געגאנגען. גאנץ שטיל איז ער איצט געוועזן. די שיטערע לופט אין דיעזע הויכע געגענדען איז זעהר שווער צו אָטהעמען פאר די וואָס זיינען אין די טהאָלען געבאָרען; יעדער אָטהעמצוג האָט איהם וועה געטהאָן, און דאָס בלוט האָט פון זיינע שפּיצען פינגער גע־טריפט. און ביי דער צווייטער וואנד האָט ער ארביימען אָנ־געפאנגען. דיעזע האָט נאָך העכער אויסגעוויזען, אָהן א ברעג, און ער האָט גאָר נישט געזאָגט. דער קלאנג פון זיין געצייג האָט טאָג ווי נאכט אין די אייזערנע פעלזען געקלונגען, וואו ער האָט פאר זיך א טרעפּ געשניטען. יאָהרען זיינען פעראיבער, דאָך האָט ער אלץ געארבייט; אָבער די וואנד

איבער איהם האָט זיך נאָך אַלץ געטהורעמט, ביז צו די הימלען. מאַנכעסמאָל איז זיין בקשה געווען, אַז אַ טראָפּען ערד כאָטש, אַ קאַפּעלע מאָך, זאָל זיך אויף דיעזע נאַקעטע פעלזען בעוויייזען, וואָס זאָל איהם אַלס חבר זיין; ס'איז אָבער קיינמאָל ניט ערפילט געוואָרען.

און די יאָהרען זיינען זיך געלאָפען; געצעהלט האָט ער זיי נאָך די טרעפּלעך וואָס ער האָט אויסגעהאַקט — עטליכע פאַר אַ יאָהר — בלויז עטליכע. ער האָט מעהר ניט געזונגען; ער האָט מעהר ניט געזאָגט: „איך וועל טהאָן דאָס אָדער יענעס" — ער האָט נור געאַרבייט. און ביי נאַכט, ווען די דעמערונג איז אָנגעקומען, האָבען אויף איהם זאָנדערבאַרע, ווילדע געזיכטער פון די לעכער און די פעלזען־שפּאַלטען אַרויסגעקוקט.

„לעג אַוועק דיין אַרבייט, דו איינזאַמער מענש, און רייד צו אונז", האָבען זיי גערופען.

„מיין רעטונג ליעגט אין דער אַרבייט. ווען איך זאָל אויפהערען נאָר פאַר איין מינוט, וועט איהר אויף מיר אַרויפ־קריכען", האָט ער זיי געענטפערט. און זיי האָבען נאָך מעהר זייערע לאַנגע העלזער אַרויסגעשטעקט.

„קוק אַראָב אין דעם פעלזען־קלופט וואָס פאַר דיינע פיס", האָבען זיי צו איהם געזאָגט. „זעה וואָס דאָרט ליעגט — אויסגעבלייכטע ביינער! אַ מוטהיגער און שטאַרקער מאַן, פּונקט ווי דו, האָט אויף דיעזע פעלזען געקלעטערט. און אַרויפגעקוקט האָט ער. ער האָט געזעהן אַז אומזיסט איז זיין שטרעבען; אַז קיינמאָל וועט ער אמת ניט ערגרייפען, קיינ־מאָל איהם ניט זעהן, קיינמאָל איהם ניט געפינען. און אַזוי

האָט ער זיך דאָ אַניעדערגעלעגט, דען ער איז זעהר מיעד געווען. ער האָט זיך שלאָפען געלעגט אויף אייביג. ער האָט זיך אַליין איינגעשלעפערט. זעהר בערוהיגענד איז דער שלאָף. דו ביזט ניט אַזוי איינזאַם ווען דו שלאָפסט, דיינע הענד טהוען דיר אויך ניט וועה, און אויך ניט דאָס הארץ." און דער יעגער האָט צווישען די צייהן געלאַכט.

„האָב איך דען צוליעב דעם פון מיין הארץ אַלץ וואָס איז ביי מיר דאָס טהייערסטע געווען אַרויסגעריסען; אין דעם לאַנד פון נאַכט געוואַנדערט; נסיונות בייגעשטאַנען; דאָרט וואו דער קול פון מיין גלייכען ווערט קיינמאָל ניט געהערט, פערבראַכט, און איינזאַם געאַרבייט, כדי זיך דאָ אַוועקצולעגען און אייער שפּייז ווערען, איהר כת־ליצנים?"

מעכטיג האָט ער געלאַכט; און די ווידער־קולות פון פערצווייפלונג האָבען זיך אָבגעטראָגען, ווייל דאָס לאַכען פון די מוטהיגע, שטאַרקע הערצער איז אַ טויט־קלאַפּ פאַר זיי.

פון דעסטוועגען זיינען זיי ווידער אַרויסגעקראָכען און געקוקט אויף איהם.

„ווייסטו, אַז דיינע האָר זיינען ווייס?" האָבען זיי געזאָגט; „ווייסטו, אַז דיינע הענד הויבען אָן צו ציטערען ווי ביי אַ קינד? זעהסטו, אַז דער שאַרף פון דיין וועב־שיפעל איז אָבגעניצט? — ער איז שוין אויך צושפּאָלטען. ווען דו זאָלסט אפילו אַרויפשטייגען דיעזען טרעפּ", האָבען זיי געזאָגט, „וועט עס דיין לעצטער זיין. נאָך איינעם וועסטו שוין קיינמאָל ניט אַרויפקלעטערען."

און ער האָט געענטפערט, א י ך  ו ו י י ס  ע ס! און האָט ווייטער געאַרבייט.

די אַלטע, אויסגעמאָגערטע הענד האָבען די שטיינער שלעכט און ניט גלייך געשניטען, ווייל די פינגער זיינען שטייף און צוקרימט געווען. די שעהנקייט, די קראַפט פון דעם מאַן איז געווען פערשוואונדען.

ענדליך האָט אַן אַלט, אויסגעבלייכט, צוקאָרטשעט פנים אַריבערגעקוקט די פעלזען. ער האָט געזעהן די אייביגע בערג זיך אויפהויבען צו די ווייסע וואָלקענס; אָבער זיין אַרבייט איז געווען געענדיגט.

דער אַלטער יעגער האָט זיינע מיעדע הענד צוזאַמענגעלעגט און זיך אַראָבגעלאָזט פאַר'ן אָבגרונד, וואו ער האָט זיין לעבען אָוועקגעאַרבייט. די צייט צום שלאָפען איז לסוף געקומען. אונטער איהם איבער די טהאָלען האָט זיך געדרעהט דער ווייסער טומאַן. איינמאָל האָט זיך דער טומאַן געשפּאָלטען, און דורך דער עפענונג האָבען די שטאַרבענדע אויגען אַרונטערגעקוקט אויף די בוימער און פעלדער פון זייער קינדהייט. פון דער ווייטען האָט זיך איהם אויסגעדוכט, טראָגען זיך צו איהם די קולות פון זיינע אייגענע ווילדע פויגעל, און ער האָט געהערט דעם גערויש פון די מענשען וואָס האָבען געזונגען ווען זיי האָבען געטאַנצט. און געדוכט האָט זיך איהם, אַז ער הערט צווישען זיי די קולות פון זיינע אַלטע חברים; און וויים אָוועק האָט ער געזעהן די זונענשטראַהלען שיינען אויף זיין אַלטער היים. און גרויסע טרערען־טראָפּענס האָבען זיך אָנגעקליבען אין דעם יעגער'ס אויגען.

„אַך! די וואָס שטאַרבען דאָרט, שטאַרבען ניט אַזוי עלענד“, האָט ער געוויינט.

די כמאַרע האָט זיך דאַן צוריק צוזאַמענגעצויגען; און ער האָט זיינע אויגען אָבגעקעהרט.

„איך האָב געזוכט“, האָט ער געזאָגט, „יאָהרען לאַנג האָב איך געהאָרעוועט; איך האָב איהם אָבער ניט געפונען. ניט גערוהט האָב איך, זיך ניט בעקלאָגט, און אמת האָב איך ניט געזעהן; איצט האָב איך מעהר קיין כח ניט. דאָ וואו איך ליעג איצט אַ פערמאָטערטער, וועלען אַנדערע מענער שטעהן, יונגע, פרישע. אויף דעם פוס־טריט וואָס איך האָב אויסגעהאַקט וועלען זיי קלעטערען; אויף די טרעפּ וואָס איך האָב אויפגעבויט וועלען זיי אַרויפשטייגען. זיי וועלען קיינמאָל דעם נאָמען ניט וויסען פון דעם, וואָס האָט זיי געמאַכט. זיי וועלען לאַכען פון די ניט־געראָטענע אַרבייט; ווען די שטיינער וועלען זיך אַראָבקייקלען, וועלען זיי מיך שילטען. אָבער אַרויפשטייגען וועלען זיי, און אויף מ י י ן אַרבייט; זיי וועלען אַרויפקלעטערען, און אויף מ י י נ ע ט ר ע פּ! זיי וועלען אמת געפינען, און דורך מיר! און קיינער לעבט ניט פאַר זיך אַליין, און קיינער שטאַרבט ניט פאַר זיך אַליין.“

די טרעהרען האָבען אַרונטערגערונען פון זיינע צוזאַמענגעצויגענע אויגען־ברעמען. ווען אמת זאָל אפילו האָבען בעוויזען זיך פאַר איהם אויבען אין די וואָלקענס, וואָלט ער איהם אויך ניט געזעהן. דער טומאַן פון טויט איז אין זיינע אויגען געווען.

„מיין נשמה הערט שוין זייערע פרעהליכע טריט קומען“,

האָט ער געזאָגט ; „און זיי וועלען ארויפשטייגען ! זיי וועלען ארויפשטייגען !“ און ער האָט זיין אויסגעדארטע האנד צו די אויגען אויפגעהויבען.

דאן, לאנגזאם פון דעם ווייסען הימעל אויבען, דורך די רוהיגע לופט, איז עפּעס ארונטערגעקומען פאלענדיג, פאלענ־דיג. זאנפט האָט עס ארונטערגעפלאטערט און געפאלען אויף דער ברוסט פון דעם שטארבענדען. אָנגעטאפּט האָט ער עס מיט זיינע הענד. עס איז א פעדער געווען. ער איז געשטאָרבען האלטענדיג איהר.





.3

## די גערטנער פון פערגעניגען.

---

זי האָט איבער די בייטען שפּאַצירט, און די רייכע, זיסע ריחות האָבען זיך געטראָגען אין דער לופט ; און פולע הענד מיט בלומען האָט זי אָנגעקליבען.

דאַן איז געקומען פליכט מיט זיין ווייס, קלאָהר פּנים און איהר אָנגעקוקט. זי האָט אויפגעהערט קלייבען, נאָר זי האָט אַוועקגעשפּאַצירט צווישען די בלומען שמייכלענדיג, און מיט פולע הענד.

און נאָך אַמאָל איז פליכט, מיט זיין רוהיגען, ווייסען געזיכט אָנגעקומען און איהר אָנגעקוקט ; זי אָבער האָט איהר קאָפּ פון איהם אָבגעקעהרט. ענדליך האָט זי זיין געזיכט דערזעהן, דאַן האָט זי געלאָזט פאַלען די שעהנסטע בלומען, וואָס זי האָט אין די הענד געהאַלטען, און איז שטילערהייד אַוועקגעגאַנגען.

און ווידער אַמאָל איז ער צו איהר געקומען. זי האָט אַ זיפץ געטהאָן, טיעף איהר קאָפּ אַרונטערגעבויגען, און צום טהויער זיך אומגעקעהרט. אַרויסגעהענדיג אָבער האָט זי אויף די זונען־ליכט וואָס האָט בעגאָסען די בלומען הינטער זיך געקוקט, און יאָמערליך געוויינט. דאַן איז זי אַרויס און אויף אייביג האָט זיך דער טהויער הינטער איהר פערמאַכט ;

אָבער נאָך אַלץ האָט זי די קנאָספּען, וואָס זי האָט אָנגעקלי־בען, אין האַנד געהאַלטען און זים איז זייער ריח געווען אין דעם איינזאַמען מדבר.

אָבער ער איז איהר נאָכגעגאַנגען. ווידער איז ער פאַר איהר געשטאַנען מיט זיין רוהיג, ווייס פּנים, ווי פון א מת. און זי האָט פערשטאַנען נאָך וואָס ער איז געקומען; זי האָט די פינגער פונאַנדערגענומען און די בלומען אראָבפאַלען געלאָזט, די בלומען וואָס זי האָט אַזוי געליעבט, און איז ווייטער, אָהן זיי, געגאַנגען מיט אויסגעטריקענטע, וועהטאָג־דיגע אויגען.

און דאַן איז ער צום לעצטען מאָל געקומען. זי האָט איהם איהרע ליידיגע הענד געוויזען, די הענד וועלכע האָבען איצט מעהר גאָר נישט געהאַט. אָבער אַלץ האָט ער אויף איהר געקוקט.

דאַן האָט זי ענדליך איהר בוזעם געעפענט און ארויס־גענומען פון דאָרט א קליינטשיק בלימעלע, וועלכען זי האָט דאָרט בעהאַלטען געהאַט, און אויפ'ן זאַמד איהם אַניעדער־געלעגט. איצט האָט זי מעהר וואָס אָבצוגעבען ניט געהאַט, און ווייטער האָט זי געוואַנדערט, און דער גרויער זאַמד האָט זיך געדרעהט ארום איהר...





.4

# אין א ווייטער וועלט.

---

פאראן א וועלט אויף איינעם פון די גאנץ ווייטע שטערען, און ס׳קומען דארט פאר זאכען, וועלכע פאסירען ניט ביי אונז.

אין דער דאזיגער וועלט האבען געלעבט א מאן און א פרוי; איין ארבייט האבען זיי געהאט, און צוזאמען זיינען זיי געגאנגען זייט ביי זייט, גאר פיעלע, פיעלע טעג, און זיינען פריינד געוועזן — נאר דאס איז א זאך וואס פאסירט ווען־ניט־ווען אויך אין אונזער וועלטעל.

עפעס אבער איז געוועזן אין יענער שטערען־וועלט, וואס ביי אונז איז ניט פאראן. געוועזן איז דארט א געדיכטער וואלד, און וואו די בוימער זיינען הארט ביי אנאנדער גע־וואקסען, און די שטאמען זיינען דורגעפלאכטען געוועזן, און די זומערדיגע זונן האט קיינמאל ניט אריינגעשיינט, דארט איז אן ארון געשטאנען. ביי טאג האט אלעס גערוהט, ביי נאכט אבער, ווען די שטערען האבען געשיינט אדער די לבנה האט זיך איבער די שפיצען בוימער געגליטשט, און אלעס אונטען איז שטיל געוועזן; ווען אימיצער איז שטיל, גאנץ אליין צום ארון צוגעקראכען און אויף די טרעפ פון שטיינער־נעם מזבח געקניעט, און די ברוסט ענטבלעזט, און א וואונד־

זיך געמאַכט, אַז דאָס בלוט זאָל אויף די טרעפּ פון מזבח אַראָבטריפען — דאַן איז אַלעס, וואָס דער וואָס קניעט האָט געוואונשען, מקוים געוואָרען. און דאָס אַלעס האָט פּאַסירען געקענט, ווייל, ווי געזאָגט, דאָס איז אַ ווייטע, ווייטע וועלט און זאַכען קומען דאָרט פאָר, וואָס פּאַסירען ניט ביי אונז.

דער מאַן און די פרוי האָבען צוזאַמען שפּאַצירט; און די פרוי האָט דעם מאַן גוטעס געוואונשען. איין נאַכט, ווען די לבנה האָט אַזוי געשיינט, אַז די בלעטער פון די בוימער האָבען געשימערט, און די כוואַליעס פון ים זיינען בעזילבערט געווען, איז די פרוי אַליין אין וואַלד אַוועק. פינסטער איז דאָרט געווען; קליינינקע שפּריינקעלעך נאָר פון דעם לבנה־שיין זיינען געפאַלען אויף די פערטריקענטע בלעטער אונטער איהרע פיס, און די צווייגען זיינען געדיכט צוזאַמענגעפלאָכטען געווען איבער איהר קאָפּ. וואָס ווייטער זי איז געגאַנגען אַלץ פינסטערער איז עס געוואָרען; און אפילו קיין שפּריינקעלע שיין איז מעהר ניט געווען. דאַן איז זי צוגעקומען צום ארון; זי האָט זיך אויף די קניע געשטעלט און תפלה געטהאָן. נאָר קיין ענטפער איז ניט געקומען. דאַן האָט זי איהר ברוסט אויפגעדעקט, מיט אַ צוויי־שאַרפיגען שטיין, וועלכער איז דאָרט גְעלעגען, האָט זי זיך אַ וואונד געמאַכט. די בלוט־טראָפּענס האָבען לאַנגזאַם אויף די שטיינער אַרונטערגע־טריפט, און אַ קול האָט אויסגערופען:

„וואָס איז דיין פערלאַנג?"

זי האָט געענטפערט: „פאַראַן אַ מאַן; נעהנטער ווי אַלעס איז ער מיר. די בעסטע פון אַלע ברכות וואָלט איך איהם געגעבען."

„און וואָס איז דאָס?" האָט דער קול געפרעגט.

„איך ווייס ניט", האָט די פרוי געזאָגט; „נאָר דאָס וואָס פאַר איהם אַם בעסטען איז, ווינש איך ער זאָל האָבען."

„דיין בקשה איז ערפילט; ער זאָל עס האָבען", האָט די שטימע אויסגערופען.

דאַן איז זי אויפגעשטאַנען. זי האָט איהר ברוסט פערדעקט, און פעסט איהר קלייד צו דער וואונד צוגעדריקט און אַרויסגעלאָפען פון וואַלד, און די טרוקענע בלעטער האָבען אונטער איהרע פיס געקנאַקט. אַרויסקומענדיג פון וואַלד האָט די לבנה געשיינט, אַ זאַנפטער ווינד האָט געבלאָזען, און דער זאַמד ביין ברעג ים האָט געבליסטשעט. זי איז איבער'ן גלאַטען ברעג געלאָפען, און פּלוצלונג איז זי שטעהן געבליבען. ווייט אַרויס, אויפ'ן וואַסער, האָט זיך עפּעס בעוועגט. זי האָט איהרע אויגען מיט די הענד פערשירעמט און געקוקט. עס איז אַ שיפעל געוועזן; און ווייך האָט זי זיך אויף דעם פון לבנה בעשיינטען וואַסער געגליטשט, ווייט אַרויס אויפ'ן ים. אַ מאַן איז אין שיפעל געשטאַנען; דעם פּנים האָט זי פאַר דעם שיין פון דער לבנה ניט געקענט זעהן, די פיגור אָבער האָט זי דערקענט. שנעל איז דאָס שיפעל געשוואומען; דאָך האָט עס אויסגעזעהן ווי קיינער וואָלט עס ניט גערודערט. דער שיין פון דער לבנה האָט איהר קלאָהר ניט געלאָזט זעהן, און דאָס שיפעל איז פון ברעג ווייט אוועק געוועזן, נאָר דאָך האָט זיך איהר געדוכט, אַז נאָך אימיצער זיצט אין שפּיץ פון שיפעל. גיכער און גיכער האָט זיך דאָס שיפעל איבער'ן וואַסער אוועק, אוועק געגליטשט. נאָכגעלאָפען איז זי איהר ביין ברעג; אָבער נעהנטער איז זי ניט צוגעקומען. דאָס

קלייד וואָס זי האָט פעסט צו איהר ברוסט געהאַלטען האָט זיך געעפענט און געפלאַטערט; איהרע אָרעמס האָט זי אויסגעשטרעקט, און די לבנה האָט אויף איהרע לאַנגע, פּואַנדערגעלאָזטע האָר געשיינט.

„וואָס איז געשעהן?“ האָט זי אַ קול נעבען זיך שעפּטשען געהערט.

און אויסגעשריען האָט זי: „דאָס בעסטע פון אַלע מתנות האָב איך פאַר איהם מיט בלוט געקויפט. געבראַכט האָב איך עס איהם! ער געהט אוועק פון מיר!“

און די שטימע האָט וויך געמורמעלט: „דיין בקשה איז ערפילט געוואָרען. ער האָט עס שוין געקראָגען.“

„און וואָס איז עס?“ האָט זי אויסגערופען.

„ער זאָל דיר קענען פערלאָזען“, האָט די שטימע געענטפערט.

רוהיג איז די פרוי שטעהן געבליבען.

ווייט ארויס אויפ׳ן ים איז דאָס שיפעל פערשוואונדען פון אויג.

און וויך האָט דער קול געפרעגט: „ביזטו צופריעדען?“

„איך בין צופריעדען“, האָט זי געענטפערט.

לעבען איהרע פיס האָבען זיך די כוואַליעס אין לאַנגע שטרייפען זאכט צושלאָגען אָן זאמדיגען ברעג.





.5

# דריי חלומות אין א מדבר

## אונטער אַ מימאָזאַ־בוים.

---

ווי איך בין געפאָהרען איבער אַ פלאַך־לאַנד אין אפריקאַ, האָט די זונן היים אַרונטערגעשיינט. דאַן האָב איך צוגע־פיהרט מיין פערד אונטער אַ מימאָזאַ־בוים, האָב פון איהם דעם זאָטעל אַרונטערגענומען, און איהם אָבגעלאָזט זיך פיטע־רען צווישען די פערטריקענטע קוסטעס. אַרום און אַרום, רעכטס און לינקס האָט זיך געצויגען די ברוינע ערד. און איך האָב מיך אונטער'ן בוים געזעצט, ווייל די היץ האָט פירכטערליך געברענט, און איבער דעם גאַנצען האָריזאָנט האָט די לופט געציטערט. אין אַ ווייל אַרום איז מיר אַ שווערע שלעפעריגקייט בעפאַלען, און איך האָב מיין קאָפּ אָן זאָטעל אָנגעשפאַרט, און בין באַלד אַנטשלאָפען געוואָרען. און אין שלאָף האָב איך אַ מאָדנעם חלום געזעהן.

מיר האָט זיך געדוכט אַז איך שטעה ביים גרענעץ פון אַ גרויסען מדבר, און פון אַלע זייטען האָט עס געוועהט מיט זאמד. מיר האָט זיך געדוכט אַז איך זעה צוויי גרויסע גע־שטאַלטען, עהנליך צו די לאַסט־טהיערען פון די מדבריות; איינס איז אין זאַמד מיט אַן אויסגעצויגענעם האַלז געלעגען,

און דאָס אַנדערע איז גּעבען איהם געשטאַנען. און נײגיריג האָב איך אויף דער חיה וואָס איז אויף דר'ערד געלעגען געקוקט, ווײל אַ גרויסע משא האָט זי אויפ'ן רוקען געהאַל־טען, און דער זאַמד איז אַרום איהר אַזוי געדיכט אַנגעשאָטען געווען, אַז עס האָט אויסגעוויזען, ווי פאַר יאָהרהונדערטע וואָלט זיך דער זאַמד אַרום איהר געזאַמעלט.

און זעהר נײגיריג האָב איך אויף איזו'ר געקוקט. און נעבען מיר איז אימעצער געשטאַנען און האָט בעאָבאַכטעט. און איך האָב איהם געפרעגט: „ווער איז די אונגעהײערע בריאה, וואָס ליעגט דאָ אויפ'ן זאַמד?"

און ער האָט געענטפערט: „דאָס איז די פּרוי; זי, וואָס געבעהרט די מענשען אין איהר ליב."

„און וואַרום ליעגט זי דאָ אַזוי אונבעוועגליך, מיט דעם זאַמד אָנגעשאָטען אַרום איהר?" האָב איך געפרעגט.

און ער האָט געזאָגט: „הער אויס, איך וועל דיר דער־צעהלען! דורות און דורות איז זי דאָ געלעגען, און דער ווינד האָט איבער איהר געבלאָזען. דער עלטסטער, עלטסטער, עלט־סטער מענש האָט זי קײנמאָל ניט געזעהן זיך ריהרענדיג, דאָס עלטסטע, עלטסטע בוך דערצעהלט, אַז זי איז דאַמאָלסט אַזוי געלעגען, פּונקט ווי זי ליעגט איצט, מיט דעם זאַמד אַרום איהר. אָבער הער צו! עלטער ווי דאָס עלטסטע בוך, על־טער ווי די עלטסטע פערשריעבענע זכרונות פון די מענשען, אויף די פעלזען פון שפּראַך, אויף דעם האַרט־געבאַקענעם לעהם פון אַלטע מנהגים, וועלכע ווערען איצט צוברעקעלט פון אַלטקײט, קען מען צײכענס געפינען פון איהרע פוס־טריט! זײט בײ זײט מיט די טריט פון דעם וואָס שטעהט

נעבען איהר, קענסטו זיי אָבזוכען; און דו דערוויסט זיך, אַז די וואָס ליעגט דאָ איצט אַזוי, האָט אמאָל פ ר י י איבער די פעלזען ארומגעוואַנדערט מיט איהם."

„איז וואָרום ליעגט זי דאָ איצט אַזוי?" האָב איך געפרעגט.

און ער האָט געענטפערט: „איך פערשטעה, אַז מיט דורות צוריק האָט דער צייטאַלטער־פון־מוסקול־קראַפט איהר געפונען, און ווען זי האָט זיך ניעדריג אַראָבגעבויגען איהרע יונגע אָנצוזויגען — און אַ רוקען האָט זי אַ ברייטען געהאַט — האָט ער אויף איהר דעם יאָך פון אונטערוואָרפענקייט אַרויפגעלעגט, און צוגעפעסטיגט האָט ער איהם מיט'ן בריי־טען באַנד פון אונפערמיידליכער נויטווענדיגקייט. דאַן האָט זי אויף דער ערד און צום הימעל געקוקט, און זי האָט געוואוסט אַז עס איז פאַר איהר מעהר קיין האָפענונג ניטאָ; און אויפ'ן זאַמד אונטער דער משא פון וועלכער זי האָט זיך ניט געקענט לויז מאַכען, האָט זי זיך אַהינגעלעגט. פון דאַן אָן ליעגט זי דאָרט אַזוי. און דורות זיינען געקומען, און דורות זיינען אַוועק, אָבער דער באַנד פון אונפערמיידליכער נויטווענדיגקייט איז ניט איבערגע־שניטען געוואָרען!"

און איך האָב אין איהרע אויגען געקוקט און געזעהן די שרעקליכע געדולד פון יאָהרטויזענדער; די ערד איז פון איהרע טרערען נאַס געוואָרען, און איהרע נאָזלעכער האָבען דעם זאַמד געבלאָזען.

און איך האָב געפרעגט: „האָט זי קיינמאָל ניט פּרובירט זיך ריהרען?"

„מאַנכעסמאָל האָט זי אַ ציטער געטהאָן“, האָט ער געענטפערט. „זי איז אָבער קלוג; זי ווייס, אז מיט דער משא אויף זיך קען זי ניט אויפשטעהן.“

„און וואָרום פערלאָזט זי ניט דער, וואָס שטעהט נעבען איהר, און געהט ניט אַוועק?“ האָב איך געפרעגט.

„ער קען ניט“, האָט ער געענטפערט. „קוק זיך צו —“

און איך האָב געזעהן אַ ברייטען פּאַס זיך ציהען אויף דער ערד פון איינעם צום אַנדערען, וועלכער האָט זיי צוזאַמענגעבונדען.

„אזוי לאַנג ווי זי ליעגט דאָרט, מוז ער אַזוי שטעהן און אַרויסקוקען איבער'ן מדבר“, האָט ער געזאָגט.

„און ווייס ער וואָרום ער קען זיך ניט בעוועגען?“ האָב איך געפרעגט.

„ניין“, האָט ער געענטפערט.

און איך האָב געהערט אַ קלאַנג ווי פון עפּעס פּלאַצען, און איך האָב אַ קוק געטהאָן, איך האָב געזעהן ווי דער באַנד וואָס האָט די לאַסט צו איהר רוקען צוגעפעסטיגט איז צוריסען געוואָרען; און די לאַסט האָט זיך אויף דער ערד אַראָבגעקייקעלט.

וואָס בעטייט דאָס?“ האָב איך געפרעגט.

און ער האָט געענטפערט: „דער צייטאַלטער־פון־מוסקול־קראַפט איז טויט. דער צייטאַלטער פון נערווען־קראַפט האָט איהם געטויטעט מיט'ן מעסער וואָס ער האַלט אין האַנד. און שטיל און אונבעמערקט איז ער צוגעקראָכען צו דער פרוי, און מיט דעם מעסער פון מעכאַנישע ערפינדונגען האָט ער דעם באַנד צושניטען, וועלכער האָט די משא

צו איהר רוקען צוגעבונדען געהאַלטען. די אונפערמיידליכע נויטווענדיגקייט איז געבראַכען. איצט וואָלט זי אויפשטעהן געקענט.

און איך האָב געזעהן ווי זי איז נאָך אַלץ אונבעוועגליך אויפ׳ן זאמד געלעגען, מיט די אויגען אָפען און דעם האַלז אויסגעשטרעקט. און עס האָט אויסגעזעהן ווי זי וואָלט אויף עפּעס אויסגעקוקט איבער דעם ווייטען גרענעץ פון דער וויסטעניס, וועלכעס איז קיינמאָל ניט געקומען. און עס איז פאַר מיר ניט קלאָר געוועזן, צי איז זי וואָך אָדער זי שלאָפט. און ווי איך האָב אַזוי אויף איהר געקוקט האָט איהר קערפּער אַ ציטער געטהאָן, און אין איהרע אויגען האָט זיך אַ שיין בעוויזען, פונקט ווי אַ זונען־שטראַהל וואָס ברעכט זיך אריין אין אַ פינסטערען חדר.

וואָס בעטייט דאָס ?״ האָב איך געפרעגט.

„שאַ !״ האָט ער צו מיר געשעפּטשעט ; ס׳איז צו איהר דער געדאַנק געקומען : „צי וואָלט איך ניט אויפשטעהן געקענט ?״

און איך האָב ווייטער געקוקט. זי האָט איהר קאָפּ פון זאמד אויפגעהויבען און איך האָב דעם קאַרב געזעהן, וועלכען איהר האַלז האָט איינגעדריקט, דאָרט אַזאַ לאַנגע צייט ליגענ־דיג. און זי האָט צו דער ערד געקוקט, און צום הימעל ארויפ־געבליקט, און אויף דעם וואָס נעבען איהר איז געשטאַנען איהרע אויגען געריכטעט ; אָבער ער האָט איבער דעם מדבר געקוקט.

און איך האָב איהר קערפּער ציטערען געזעהן ; און זי האָט איהרע קניע אָנגעשפּאַרט אָן דער ערד, די אָדערען

האָבען ארויסגעסטארטשט; און איך האָב אויסגערופען: „זי נעהמט זיך אויפהויבען!"

אָבער בלויז איהרע זייטען האָבען זיך בעוועגט, און זי איז נאָך אַלץ אויפ'ן זעלבען אָרט געלעגען.

נור איהר קאָפּ האָט זי אויפגעהויבען געהאַלטען; זי האָט איהם מעהר ניט צוריקגעלעגט. און דער וואָס איז נעבען מיר געשטאַנען האָט געזאָגט: „זי איז זעהר מיעד. זעה, איהרע פיס זיינען צודריקט געוואָרען ליעגענדיג אזוי לאַנג."

און איך האָב געזעהן ווי דאָס בעשעפענים שטרענגט זיך אָן: שוויים־טראָפּענס האָבען זיך אויף איהר בעוויזען.

און איך האָב געזאָגט: „ניט שוין זשע וועט דער וואָס שטעהט נעבען איהר איהר ניט העלפען?"

„ער קען איהר ניט העלפען", האָט דער וואָס נעבען מיר געזאָגט: „ז י מ ו ז ז י ך א ל י י ן ה ע ל פ ע ן. זאָל זי זיך אָנשטרענגען ביז זי וועט שטאַרק ווערען."

„לכל הפחות וועט ער איהר דאָך ניט שטערען!" האָב איך אויסגערופען; „זעה, ער דערוויטערט זיך פון איהר, און ער ציהט די שטריק אָן צווישען זיי, און ער שלעפּט איהר צוריק אַרונטער."

און ער האָט געענטפערט: „ער פערשטעהט ניט. ווען זי בעוועגט זיך, ציהט זי די שטריק וואָס בינדט זיי צוזאַמען, און טהוט איהם וועה, רוקט ער זיך אָב פון איהר. עס וועט אָבער קומען דער טאָג, ווען ער וועט פערשטעהן און וועט בעגרייפען וואָס זי טהוט. זאָל זי זיך נור איינמאָל אויף די קניע אויפשטעלען. אין דעם טאָג וועט ער נאָהענט נעבען

איהר שטעהן, און אין איהרע אויגען וועט ער מיט סימפּאַטהיע אַריינקוקען.“

און זי האָט איהר האַלז אויסגעשטרעקט, און שוויס־טראָפּענס האָבען פון איהר גערונען. און דאָס בעשעפּעניס האָט זיך אויפגעהויבען אויף אַ צאָל פון דער ערד, און איז צוריקגעזונקען.

„אַך, צו שוואַך איז זי! זי קען ניט געהן!“ האָב איך אויסגערופען. „די לאַנגע יאָהרען האָבען פון איהר די כחות אַוועקגענומען. וועט זי זיך קיינמאָל ניט בעוועגען?“

און ער האָט געענטפערט: „זעה דעם שיין אין איהרע אויגען!“

און פּאַמעלעך האָט זי זיך אויף די קניע אויפגעשטעלט.

איך האָב מיך אויפגעכאַפּט; און איבעראַל, צו מזרח און צו מערב, האָט זיך אויסגעשפּרייט די אונפּרוכטבאַרע ערד, מיט די פערטריקענטע קוסטעס. די מוראַשקעס זיינען הין און צוריק איבער'ן רויטען זאַמד אומגעלאָפען, און די היץ האָט מורא'דיג געברענט. איך האָב אַרויפגעקוקט, דורך די דינע צווייגען פון בוים, צום בלויען הימעל איבער מיין קאָפּ. איך האָב זיך אויסגעצויגען, און פערטראַכט זיך וועגען חלום וואָס איך האָב געזעהן, און ווידער בין איך אַנטשלאָפען געוואָרען מיט'ן קאָפּ אויפ'ן זאָטעל אָנגעשפּאַרט. און אין דער מורא'דיגער היץ האָב איך נאָך אַ חלום געזעהן.

איך האָב געזעהן אַ מדבר, און אַ פרוי האָב איך געזעהן פון דאָרט אַרויסקומען. זי איז צוגעקומען צו אַ ברעג פון אַ טונקעלען טייך; און דער ברעג איז געווען משופּע און

הויך.*) און דאָרט האָט איהר בעגעגענט אַן אַלטער מאַן, מיט א לאַנגער ווייסער באָרד און מיט א געקאָרבטען שטעקען אין האַנד, אויף וועלכען עס איז אויפגעשריבען געווען —פּער־נונפט. און ער האָט די פרוי געפרעגט, וואָס זי פערלאַנגט; און זי האָט איהם געענטפערט: „איך בין די פרוי; און דאָס לאַנד פון פרייהייט זוך איך.“

„דו האָסט עס פאַר זיך“, האָט ער צו איהר געזאָגט.

און זי האָט געזאָגט: „איך זעה פאַר מיר גאָרנישט, חוץ דעם טונקעלען טייך, מיט'ן משופּע'דיגען הויכען ברעג, און שפּאַלטען דאָ און דאָרט, אָנגעפילט מיט שווערען זאַמד.“

„און הינטער דעם?“ האָט ער איהר געפרעגט.

„איך זעה קיין זאַך ניט“, האָט זי געענטפערט; „אמאָל נאָר, ווען איך פערשירעם מיר די אויגען מיט די הענד, דוכט זיך מיר, אַז איך זעה אויף דעם אַנדער ברעג בוימער און בערג, און די זונן שיינט אויף זיי.“

„דאָס איז דאָס לאַנד פון פרייהייט“, האָט ער געזאָגט.

„ווי אזוי קען איך דאָרט אָנקומען?“ האָט זי געפרעגט.

„איין וועג נאָר איז פאַראַן, נור איינער“, האָט ער געזאָגט; „ארונטער די ברעגען פון אַרבייט, דורך דעם וואַסער פון ליידען. קיין אַנדערער גיט ניט.“

„איז גאָר קיין בריק ניט פאַראַן?“ האָט זי געפרעגט.

*) די ברעגען פון אַן אַפריקאַנער טייך זיינען מאַנכעס מאָל הונדערט פוס הויך, און בעשטעהען פון טיעפען, ריהרעוודיגען זאַמד, דורך וועלכען, אין לויף פון יאהרהונדערטע, דער טייך האָט דורכגעגראָבען זיין אונגעהייערן גרונד.

„ניין“, איז געווען זיין ענטפער.

„איז דאָס וואסער טיעף?“ האָט זי געפרעגט.

„טיעף“, האָט ער געענטפערט.

„איז דער גרונד גלאַט?“ האָט זי געפרעגט.

„ער איז“, האָט ער געענטפערט; „דו קענסט זיך צו יעדער צייט אויסגליטשען און דו קענסט אומקומען.“

„איז שוין ווער אַריבערגעגאַנגען?“ האָט זי געפרעגט.

„מאַנכע האָבען פּ ר ו ב י ר ט“, האָט ער געזאָגט.

„איז דאָרט פאַראַן אַ וועג וואָס ציינט אָן וואו מען קען איהם לייכטער דורכגעהן?“ האָט זי געפרעגט.

„אַזאַ וועג דאַרף מען ערשט מאַכען“, האָט ער געענטפערט.

זי האָט די אויגען מיט איהרע הענד פערשטעלט, און האָט געזאָגט: „איך וועל געהן.“

„דו מוזט אויסטהאָן די קליידער, וואָס דו האָסט אין דער מדבר געטראָגען“, האָט ער געזאָגט; „די וואָס טראָגען זיי ווערען צום גרונד אַרונטערגעשלעפּט.“

און מיט פרייד האָט זי פון זיך אַרונטערגעוואָרפען דעם מאַנטעל פון אַלטע־אָנגענומענע־מיינונגען, וועלכען זי האָט אויף זיך געטראָגען, דען אַלט און פול מיט לעכער איז ער געווען. און דעם גאַרטעל פון איהרע לענדען האָט זי אָראָבגענומען, וועלכען זי האָט אַזוי לאַנג ווי אַן אוצר געטראָגען, און די מאָטען זיינען פון איהם ווי אַ וואָלקען אַרויסגעפלויגען. און ער האָט צו איהר געזאָגט: „נעהם די שיך פון אַבהענגיגקייט פון דיינע פיס אַרונטער.“

און אַ נאַקעטע איז זי שטעהן געבליבען, אויסער איין

ווייס קלייד, וועלכע איז פעסט צו איהר לייב צוגעקלעבט געוועזן.

און ער האָט געזאָגט: „דאָס מעגסטו האַלטען. אַזעלכע קליידער טראָגען זיי אין לאַנד פון פרייהייט. אין וואַסער איז עס לייכט; עס שווימט אימער."

און אויפ'ן פאָרענט פון קלייד האָב איך געזעהן אויפ־געשריבען: וואַהרהייט; און ווייס איז עס געוועזן; ניט אָפט האָט די זונן אויף דעם געשיינט; די איבעריגע בגדים האָבען עס פערשטעלט געהאַט. און ער האָט צו איהר געזאָגט: „נעהם אָט דעם שטעקען; האַלט איהם פעסט. אין דעם טאָג וואָס ער וועט זיך פון דיינע הענד ארויסגליטשען ביזטו פערלאָרען. האַלט איהם תמיד פון פאָרענט; פּרוביר אויס מיט איהם דעם וועג; וואו דו קענסט מיט איהם דעם גרונד ניט דערגרייכען, שטעל דאָרט דיין פוס ניט."

„איך בין גרייט, לאָז מיך געהן!" האָט זי געזאָגט.

„נאָך ניט — וואַרט", האָט ער צו איהר געזאָגט; „וואָס איז דאָרט ביי דיר אין בוזעם?"

זי האָט געשוויגען.

„עפען אויף, לאָמיך זעהן", האָט ער געזאָגט.

און אויפגעעפענט האָט זי איהר בוזעם. אַ קליין בריאה'לע איז דאָרט געלעגען, וועלכע האָט געזויגען, מיט די געלע לאָקען איבער'ן שטערען צום האַרץ צוגעדריקט; און מיט די קניע צו איהר לייב צוגעטוליעט, און מיט די הענד אָהן איהרע בריסט זיך פעסט געהאַלטען.

און פערנונפט האָט געזאָגט: „ווער איז דיעזער, און וואָס טהוט ער דאָרט?"

און זי האָט געענטפערט: „זעה זיינע קליינצינקע פליגעלעך—"

„נעהם איהם אַרונטער", האָט פערנונפט געזאָגט.

„ער שלאָפט, און ער טרינקט!" האָט זי געזאָגט; „איך וועל איהם אין לאַנד פון פרייהייט מיטנעהמען. אַ קינד איז ער געוועזן אַזוי לאַנג, געטראָגען האָב איך איהם. אין דעם לאַנד פון פרייהייט וועט ער אַ מאַן זיין. צוזאַמען וועלען מיר דאָרט געהן, און מיט זיינע גרויסע פליגעל וועט ער אַ שאָטען איבער מיר מאַכען. איין איינציג וואָרט נאָר האָט ער צו מיר אין דער מדבר געשעפּטשעט — ליידענשאַפט! איך האָב געטרוימט אַז אין דעם לאַנד דאָרט וועט ער פיליכט זיך אויסלערנען פריינדשאַפט צו זאָגען."

„נעהם איהם אַרונטער", האָט פערנונפט ווידער געזאָגט.

און זי האָט געזאָגט: „אָט אַזוי — מיט איין אָרעם נור וועל איך איהם טראָגען, און מיט דעם אַנדערען וועל איך ענטקעגען וואַסער קעמפּפען."

און ער האָט ווידער געזאָגט: „לעג איהם אַניעדער אויף דר'ערד. ווען דו וועסט אין וואַסער זיין, וועסטו פערגעסען צו קעמפּפען, און וועסט נור וועגען איהם דענקען. לעג איהם אַניעדער. ער וועט ניט שטאַרבען. ווען ער וועט זיך אַרומזעהן אַז דו האָסט איהם אַליין איבערגעלאָזען, וועט ער זיינע פליגעל פונאַנדערנעהמען, און וועט פליהען. ער וועט אין לאַנד פון פרייהייט פריהער זיין איידער דו. די וואָס וועלען דאָס לאַנד פון פרייהייט דערגרייכען, וועלען געפינען, אַז די ערשטע האַנד וואָס וועט אויסגעשטרעקט זיין זיי צו העלפען, וועט

זיין די האנד פון ליעבע. א מאן וועט ער דאן זיין, ניט קיין קינד. אין דיין ברוסט קען ער זיך ניט ענטוויקלען; נעהם איהם ארונטער, כדי ער זאל קענען אויסוואקסען."

און זי האט איהר ברוסט פון זיין מויל ארויסגענומען, און אזוי שטארק געביסען האט ער איהר, דאס איהר בלוט איז אויף דער ערד ארונטערגערונען. און זי האט איהם אויף דער ערד אניעדערעלעגט; און איהר וואונד פערדעקט. אראבגע־בויגען האט זי זיך און זיינע פליגעל געשטרייכעלט. און איך האב געזעהן ווי איהרע האר אויפ'ן שטערן זיינען ווייס ווי שנעע געווארען, און פון א יוגענד האט זי זיך אין א זקנה פערוואנדעלט.

ווייט אוועק, ביים ברעג פון טייך איז זי געשטאנען. און צו זיך האט זי געזאגט: „נאך וואס געה איך אין דיעזען לאנד, וועלכען קיינער האט נאך ניט געגרייכט? אך, איינזאם בין איך! איך בין גאנץ אליין!"

און פערנונפט, דער דאזיגער אלטער מאן, האט געזאגט צו איהר: „שווייג! וואס הערסטו?"

אויפמערקזאם האט זי זיך צוגעהערט, און געזאגט: „א גערויש פון טריט הער איך, טויזענדער, צעהנדליגע טוי־זענדער, און טויזענד מאל טויזענדער, און אויף דעם זעלבען וועג טרעטען זיי!"

„דאס זיינען די טריט פון די, וואס וועלען דיר נאכ־געהן", האט ער געזאגט. „זיי זייער פיהרערין! מאך א וועג צום וואסער־ברעג! דער באדען אויף וועלכען דו שטעהסט איצט, וועט פון טויזענדער און טויזענדער פיס גלאט אויס־

געטרעטען ווערען." און ער האָט פאָרטגעזעצט: „האָסטו וועז געזעהן ווי די היישעריקען שניידען איבער אַ שטראָם? צוערשט קומט צו איינע צום וואַסער־ברעג, און זי ווערט אוועקגעטראָגען, דאַן קומט נאָך איינע, דאַן אַנאַנדערע, און נאָך איינע, און נאָך איינע, ביז לסוף, פון זייערע אָנגעוואָר־פענע קערפּער, ווערט אַ גאַנצער בריק אויסגעבויט, און איבער דעם געהען די איבעריגע בשלום אַריבער."

און זי האָט געזאָגט: „און פון די סאַמע ערשטע, ווערען אַ טהייל אוועקגעטראָגען, און מען הערט פון זיי ניט מעהר; זייערע קערפּער בויען אפילו דעם בריק ניט?"

„און אוועקגעטראָגען ווערען זיי, און מען הערט מעהר פון זיי ניט — און וואָס מאַכט דאָס אויס?" האָט ער געענטפערט.

„און וואָס מאַכט דאָס אויס —" האָט זי געזאָגט.

„זיי מאַכען אַ וועג צום וואַסער־ברעג."

„זיי מאַכען אַ וועג צום וואַסער ברעג —" און זי האָט געפרעגט: „און איבער אָט דעם בריק וואָס וועט פון אונזערע קערפּערס אויסגעבויט ווערען, ווער וועט אַריבערגעהן?"

„ד י ג אַ נ צ ע מ ע נ ש ל י כ ע ר אַ ס ע", האָט ער געענטפערט.

און די פרוי האָט איהר שטעקען ערגריפען.

און געזעהן האָב איך, ווי זי האָט זיך פערנומען אויף דעם טונקעלען שטעג, וואָס האָט צום וואַסער געפיהרט.

און איך האָב אויפגעוואַכט; און אומעטום אַרום מיר האָט זיך די געלבליכע נאָכמיטאַג ליכט פערשפּרייט; די

אונטערגעהענדע זונן האָט די שפּיצען פון די מילך־קוסטעס בעלויכטען; און מיין פערד איז געשטאַנען נעבען מיר און האָט זיך גאַנץ רוהיג געפיטערט. איך האָב מיך אומגעקעהרט אויפ׳ן צווייטען זייט, און בעטראַכט די מוראשקעס אַרומ־לויפענדיג אין די טויזענדער אין רויטען זאַמד. איך האָב איצט גערעכענט ווייטער צו געהן מיין וועג — פאַרנאַכט איז קיהלער געוואָרען. דאַן איז ווידער אויף מיר אַ שלעפעריג־קייט אָנגעפאַלען און איך האָב מיין קאָפּ צוריקגעלעגט און בין אַנטשלאָפען געוואָרען.

און איך האָב ווידער גע׳חלום׳ט.

מיר האָט זיך גע׳חלומ׳ט, אַז איך האָב אַ לאַנד געזעהן. און אַ מוטהיגע פרוי מיט אַ מוטהיגען מאַן האָבען האַנד אין האַנד שפּאַצירט. און זיי האָבען איינס דאָס אַנדערע אין די אויגען געקוקט, און האָבען קיין מורא ניט געהאַט.

און אויך די פרויען האָב איך געזעהן פאַר די הענד זיך האַלטענדיג.

און איך האָב דעם, וואָס נעבען מיר איז געשטאַנען, געפרעגט: „וואָס פאַר אַ פּלאַץ איז דאָס?“

„דאָס איז הימעל“, האָט ער געענטפערט.

„וואו געפינט זיך דאָס?“

„אויף דער ערד“, האָט ער געענטפערט.

„און ווען וועט עס אַזוי זיין?“ האָב איך געפרעגט.

„אין דער צוקונפט“, האָט ער געענטפערט.

איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, און דער שיין פון דער אונטערגעהענדער זונן איז געווען אויסגעגאָסען אַרום מיר,

און אויף די ניעדעריגע בערג איז געלעגען די זונן, און אַ מחיה׳דיגע קיהלקייט האָט זיך פערשפּרייט איבער אַלעס; און די מוראַשקעס זיינען זיך לאַנגזאַם געגאַנגען אַהיים. איך בין צוגעגאַנגען צו מיין פערד, וועלכער האָט רוהיג זיך געפּיטערט. דאַן האָט זיך די זונן אַרונטערגעלאָזט הינטער די בערג; איך בין אָבער זיכער געווען אַז דעם קומענדען מאָרגען וועט זי ווידער אויפגעהן.





.6

# א חלום פון ווילדע ביהנען.

---

א מוטער איז געזעסען אליין פאר אן אפענעם פענסטער, דורכ'ן פענסטער זיינען אריינגעקומען די קולות פון די קינדער זיך שפיעלענדיג אונטער די אקאציען־בוימער, און דער אטהעם פון דער הייסער נאכמיטאג־לופט. אריין און ארויס פון צימער זיינען געפלויגען די ביהנען, די ווילדע ביהנען, מיט זייערע פיסלעך געלב פון בלומען־שטויב, פליהענדיג צו די אקאציען־בוימער און קומענדיג צוריק, האל־טענדיג אין איין זשומען. זי איז געזעסען אויף א ניעדריגען שטוהל נעבען א טיש, און געצירעוועט. איהר ארבייט האט זי גענומען פון א גרויסען קארב וואס איז נעבען איהר אויפ'ן טיש געשטאנען: א טהייל איז אויף איהרע קניע געלעגען און האט האלב פערדעקט דעם בוך וואס איז דארט געלעגען. זי האט געקוקט ווי די נאדעל שטעכט זיך אריין און קומט ארויס; און דער פער'חלום'טער זשומען פון די ביהנען האט זיך אויסגעמישט אין איהרע אויערען מיט דעם גערויש פון די קינדערשע קולות, און זי האט געארבייט אלץ לאנגזאמער און לאנגזאמער. דאן זיינען די ביהנען, די לאנג־פיסיגע, שפי־נען־עהנליכע ברואים, וועלכע מאכען ניט קיין האניג, געפלוי־גען נעהענטער און נעהענטער צו איהר קאפ, זשומענדיג. דאן איז זי אלץ שלעפערדיגער און שלעפערדיגער געווארען, זי

האָט אוועקגעלעגט איהר האַנד מיט'ן זאַק אויפ'ן ברעג טיש, און האָט אויף איהר דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט. און די קינדערשע קולות אין דרויסען איז געוואָרען אַלץ מעהר פער'חלומ'טער, אַט זיינען זיי געקומען פון ווייט, אַט פון גאַנץ נאָהענט; דאַן האָט זי זיי מעהר ניט געהערט, נאָר אונטער איהר הארץ האָט זי געפיהלט, וואו דאָס ניינטע קינד איז געלעגען. אראָבגעבויגען צו פאָרענט און שלאָפענדיג, מיט די ביהנען ארומפליהענדיג אַרום איהר קאָפּ, האָט זיך פאַר איהר אַ כשופ'־דיגער געדאַנקען־בילד פאָרגעשטעלט; עס האָט זיך איהר געדוכט אַז די ביהנען ווערען לענגער און זיינען מענשליכע ברואים געוואָרען, און האָבען זיך געדרעהט ארום און ארום איהר. דאַן איז איינער פון זיי פאַמעלעך צו איהר צוגעקומען און געזאָגט: „לאָז מיר מיין האַנד ארויפלעגען אויף דער זייט וואו דאָס קינד שלאָפט. ווען איך וועל איהם אָנריהרען, וועט ער פּונקט ווי איך זיין.“

„ווער ביזטו?“ האָט זי געפרעגט.

און ער האָט געזאָגט: „איך בין געזונדהייט. ווען איך ריהר אָן, ביי יענעם וועט רויט בלוט שטענדיג אין די אָדערען פליסען; ער וועט ניט וויסען פון קיין מיעדיגקייט, פון קיין שמערץ; דאָס לעבען וועט פאַר איהם אַ לאַנגעם לאַכען זיין.“

„ניין“, האָט אַנאַנדערער געזאָגט; „לאָז מיך איהם אָנריהרען; דען איך בין עשירות. ווען איך וועל איהם אָנריהרען וועלען קיין מאַטעריעלע דאגות אויף איהם קיין שליטה ניט האָבען. אויף דעם בלוט און מאַרך פון זיינע מיטמענשען וועט ער לעבען, אויב ער וועט עס נור וועלען;

און אַלץ וואָס זיין אויג וועט געלוסטען, וועלען זיינע הענד האָבען. ער וועט פון קיין נויט ניט וויסען". און דאָס קינד איז זיך רוהיג ווי בלייּ געלעגען.

און אַנאַנדרערער האָט געזאָגט : „לאָז מיך איהם אָנריהרען : „איך בין בעריהמטקייט. דעם וואָס איך ריהר אָן, פיהר איך אויף די הויכע בערג, פון וואַנען אַלע קענען איהם זעהן. ווען ער שטאַרבט ווערט ער ניט פערגעסען, דורך יאָהרהונדערטע קלינגט זיין נאָמען, איינער דעם אַנדערען גיבען זיי איהם איבער. בעדענק דיך — פאַר דורות און דורות ניט פערגעסען צו ווערען !"

און די מוטער האָט שטאַרק געאָטהעמט, נאָר אין איהר חלום האָבען די ביהנען זיך אַלץ פעסטער געדריקט צו איהר.

„לאָז מיך איהם אָנריהרען", האָט איינער געזאָגט : „דען ליעבע בין איך. אויב איך ריהר איהם אָן, וועט ער זיין גאַנץ לעבען פון עלענד און איינזאַמקייט ניט וויסען. אין דער גרעסטער פינסטערניס, ווען ער וועט נור זיין האַנד אויסשטרעקען, וועט ער אַ צווייטע האַנד נעבען זיך געפינען. ווען די וועלט וועט זיין געגען איהם, וועט אימיצער צו איהם זאָגען „א י ך ב י ן מ י ט ד י ר"." און דאָס קינד האָט אַ ציטער געטהאָן.

אַנאַנדרערער האָט זיך אָבער נעהנטער צוגערוקט און געזאָגט : „לאָז מיך איהם אָנריהרען, דען איך בין טאַלאַנט. אַלעס קען איך טהאָן — וואָס ביז איצט איז געטהאָן געוואָרען. איך בעריהר דעם סאָלדאַט, דעם שטאַאַטסמאַן, דעם דענקער און דעם פּאָליטיקער, וועלכע האָבען ערפאָלג ; און דעם שרייבער, וועלכער איז קיינמאָל ניט פריהער ווי זיין

צייט, און קיינמאָל ניט שפּעטער. ווען איך בעריהר דאָס קינד, וועט ער קיינמאָל ניט ווייגען צוליעב דורכפאַל.“

אַרום דער מוטער'ס קאָפּ זיינען די ביהנען אַרומגע־פלויגען, אָנריהרענדיג איהר מיט זייערע לאַנגע שפּיציגע גליעדער; און, אין איהר גערדאַנקען־בילד, האָט זי פון דעם שאָטען פון צימער געזעהן אַרויסקומען איינעם מיט אַ בלייך געזיכט, שוואַרצע ליניעס אַרום די אויגען, איינגעפאַלענע גריבער אין די באַקען, און אַ ציטערנדיגען שמייכעל אויפ'ן מויל. ער האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנד, און די מוטער האָט זיך צוריקגעצויגען און אויסגעשריען: „ווער ביזטו?“ ער האָט גאָר ניט געענטפערט. און זי האָט איהם אין די אויגען־ברעמען אַריינגעקוקט און געפרעגט: „וואָס קענסטו דאָס קינד געבען — געזונד?“ און ער האָט געזאָגט: „דעם וואָס איך בעריהר, אין יענעם'ס בלוט כאַפּט זיך אַ ברענענדער פיבער אַריין, וואָס טריקענט זיין בלוט אויס ווי אַ פייער. דער פיבער וואָס איך וועל איהם אַריינגעבען וועט דאַן אויס־קורירט ווערען, ווען זיין לעבען וועט זיין קורירט.“

„גיסטו עשירות?“

ער האָט מיט'ן קאָפּ געשאָקעלט. „דעם וואָס איך בע־ריהר, ווען ער בויגט זיך איין גאָלד אויפצוהויבען, דערזעהט ער פּלוצלונג אַ שיין איבער זיין קאָפּ אין הימעל; און אין דער צייט וואָס ער הויבט זיינע אויגען אויף עס צו זעהן, גליטשט זיך דאָס גאָלד פון זיינע פינגער אַרויס, אָדער אַן אַנדער פערבייגעהער נעהמט עס אַוועק פון איהם.“

„בעריהמטקייט?“

„וואַהרשיינליך ניט“, האָט ער געענטפערט. „פאַר דעם

וואָס איך בעריהר, ווערט אַ שטעג אין דעם זאמד אָנגעוויזען, פון אַ פינגער וואָס קיינער זעהט ניט. אין דיעזען שטעג מוז ער געהן. אָפטמאָל פיהרט דער וועג גאַנץ הויך ארויף, און דאַן פאַלט ער פּלוצלונג צוריק אין די טהאָלען ארונטער. און ער מוז דיעזען וועג געהן, כאָטש קיין אַנדערער זעהט ניט זיינע שפּורען.“

“ליעבע?”

„הונגערען וועט ער נאָך דעם — אָבער קיינמאָל עס ניט געפינען“, האָט ער געענטפערט. „ווען ער וועט זיינע אָרעמס נאָך דעם אויסשטרעקען, און זיין הארץ צו דעם וועזען וואָס ער ליעבט צודריקען, דאַן, ווייט אַוועק אויפ’ן האָריזאָנט וועט ער אַ פייער’ל שפּיעלען זעהן. געהן צו דעם וועט ער מוזען. דאָס וועזען וואָס ער ליעבט וועט מיט איהם ניט מיטגעהן; אַליין מוז ער וואַנדערען. ווען צודריקען וועט ער עפּעס צו זיין ברענענדיגען הארצען, רופענדיג: „מיינע, מיינע, מיין אייגענס!“ דאַן וועט ער אַ קול הערען: „ענטזאַג זיך! ענט־זאַג זיך! ניט דיינס איז דאָס“!“

„וועט ער ערפאָלגרייך זיין?“

„ער וועט דורכפאַלען“, האָט ער געזאָגט. „ווען ער וועט צוזאמען מיט אַנדערע צו אַ ציעל לויפען, וועלען זיי פריהער ווי ער דאָרט זיין. דען זאַנדערבארע קולות וועלען איהם רופען און זאַנדערבארע ליכטער וועלען צו איהםווינקען — און ארומקוקען זיך און איינהערען זיך וועט ער מוזען. און דאָס זאַנדערבארסטע וועט זיין: ווייט אַוועק איבער דעם ברענענדיגסטען זאמד, וואו פאַר אַלע אַנדערע מענשען איז דאָרט בלויז אַן אונגעהייערער מדבר, וועט ער אַ בלויען ים

זעהן! און אויף דיעזען ים שיינט שטענדיג די זונן און דאָס וואַסער איז בלוי ווי ברענענדער אמאַטיסט, און דער שוים איז ווייס ביים ברעג. אַ גרויס לאַנד הויבט זיך פון ים ארויס, און אויף די שפּיצען פון די בערג וועט ער ברענענדען גאָלד זעהן."

און די מוטער האָט געפרעגט: „וועט ער עס דער־גרייכען?"

ער האָט מאָדנע געשמייכעלט.

„איז עס ווירקליך?" האָט זי געפרעגט.

„וואָס א י ז ווירקליך?" האָט ער געענטפערט.

און אַרויפגעקוקט האָט זי אין זיינע האַלב־פערמאַכטע אויגען־ברעמען און געזאָגט:

„ריהר אָן."

און ער האָט זיך אַריבערגעבויגען און ארויפגעלעגט זיינע הענד אויף דעם שלאָפענדען, און מיט אַ שמייכעל געשעפּטשעט צו איהם; און נור דאָס האָט זי געהערט:

„ד י י ן ש כ ר ו ו ע ט ז י י ן ד ע ר — ו ו אָ ס ד ע ר א י ד ע אַ ל ו ו ע ט ז י י ן אַ ו ו י ר ק ל י כ־ ק י י ט פ אַ ר ד י ר."

און דאָס קינד האָט אַ ציטער געטהאָן, נאָר די מוטער איז ווייטער האַרט געשלאָפען, און איהר געהירען־בילד איז פערשוואונדען. טיעף אָבער אין איהר אינערען האָט דאָס נאָך ניט געבאָרענע וועזען, וואָס איז דאָרט געלעגען, געהאַט אַ חלום. אין דיעזע אויגען וואָס האָבען נאָך דעם טאָג ניט געזעהן, אין דיעזען האַלב־געשטאַלטעטען געהירען איז געוועזן אַן עמפּפינדונג פון ליכט! ליכט — וועלכעס עס האָט נאָך

קיינמאָל ניט געזעהן. ליכט — וועלכעס עס וועט אפשר קיינמאָל ניט זעהן. ליכט — וועלכעס האָט ערגעץ־וואו עקזיסטירט.

און שוין האָט ער זיין שכר געהאַט: דער אידעאַל איז פאַר איהם אַ ווירקליכקייט געוועןֹ.





.7

# אין אַן איינגעפאַלענער קאַפּעלע.

---

עס זיינען פאַראַן פּיער נאַקעטע ווענד; אויף די ווענד איז פאַראַן אַ קריסטוס, אין רויטען געמאָלט, טראָגענדיג זיין קרייץ; עס איז דאָ אַ הייליג קריסטוס־קינד מיט אַן אָבגעריבען פּנים; אַ מאַדאָנאַ אין בלוי און רויט געמאָלט; עס זיינען פאַראַן רוימישע סאָלדאַטען און אַ קריסטוס מיט געבונדענע הענד. דער דאַך איז אין גאַנצען אַרונטער; איבער'ן קאָפּ איז דער בלויער איטאַליען־הימעל; דער רעגען האָט לעכער אין די ווענד אויסגעשלאָגען, און דער טינק שיילט זיך פון זיי. איינזאַם שטעהט די קאַפּעלע אויפ'ן הויכען פעלזען־בערגעל, און טאָג און נאַכט שלאָגען די כוואַליעס נעבען איהרע פיס. מאַנכע זאָגען אַז די קאַפּעלע האָבען אויפגעשטעלט די מאָנאַכען פון דעם אינזעל דאָרט אונטען, כדי זיי זאָלען האָבען וואוהין צו ברענגען די חולאים אין צייט פון אַ מגפה. אַנדערע ווידער זאָגען, אַז מען האָט זי דאָרט אויפגעבויט כדי די וואַנדערענדע מאָנאַכען און קלייסטער־ברידער זאָלען האָבען וואו זיך אַריינצוכאַפּען און מתפלל זיין אויף זייער רייזע. איצט האָט זיך דאָרט קיינער ניט אָבגעשטעלט מתפלל צו זיין, און קיין קראַנקע זיינען אויך מעהר ניט געקומען זיך היילען.

הינטער דער קאַפּעלע האָט זיך געצויגען דער אַלטער רוימישער טראַקט. ווען איהר קלעטערט אַרויף און זעצט זיך דאָרט אַוועק, גאַנץ אַליין, אין אַ הייסען זוננינען טאָג, קענט איהר נאָך כמעט הערען דעם לעצטען קלאַנג פון די רוימישע סאָלדאַטען אויפ׳ן טראָטואַר, און דעם גערויש פון די נאָך עלטערע צייטען, ווען האַניבאַל און זיינע מענער האָבען זיך דורכגעבראָכען דעם געדיכטען וואַלד, ווען עס איז נאָך קיין טראַקט ניט געווען.

איצט איז דאָ זעהר שטיל. אַמאָל רייט פערביי אַ פּויערן־מיידעל צווישען איהרע קערב, און איהר הערט דעם קלאַפּען פון די פיס פון די מוילעזלען אויף די ציגעל פונ׳ם טראָטואַר; אַמאָל געהט פערביי אַן אַלטע פרוי מיט אַ בינטעל קרייטיכער אויפ׳ן קאָפּ, אָדער אַ מאַן, וואָס זעהט אויס ווי אַ רויבער, איילט פערביי מיט אַ בינטעל שטעקענס אין די הענד; אַחוץ דעם ליעגט דאָרט די קאַפּעלע אַליין אויפ׳ן פעלזען־בערגעל, צווישען די צוויי בוכטען, און הערט זיך צו ווי דער ים שלאָגט זיך אָב ביי איהר צופוסען.

געקומען בין איך דאָ אין אַ ווינטער־טאָג, ווען די מיטאָג־זונן האָט געשיינט און געוואַרעמט די ציגעל פון דעם רוימישען טראַקט. איך בין געווען מיעד, און דער וועג האָט אויסגעוויזען משופּע. איך בין אַריין אין דער קאַפּעלע און בין צוגעגאַנגען צום צובראָכענעם פענסטער, און האָב אַרויסגעקוקט איבער דער בוכטע. ווייט אַוועק, איבער דעם בלויען, בלויען וואַסער, זיינען געווען שטעדט און דערפער, געהאַנגען ווי ווייסע און רויטע פּונקטען, אויף די זייטען פון די בערג, און די בלויע בערג האָבען זיך אויפגעהויבען צום הימעל,

ערטערווייז אַרויסשטאַרטשענדיג און ערטערווייז וויעדער ווערענדיג צושמאָלצען.

די בערג האָבען מיך אַזוי ווי געריפען, איך האָב אָבער געוואוסט, אַז ס'וועט קיינמאָל קיין בריק ניט אויסגעבויט ווערען צווישען מיר און זיי; קיינמאָל, קיינמאָל ניט! איך האָב פערשטעלט מיינע אויגען מיט מיינע הענד און זיך אָבגעקעהרט. עס איז מיר אונערטרעגליך געווען זיי אָנצו־קוקען.

איך האָב דורכגעשפּאַצירט די איינגעפאַלענע קאַפּעלע, און געקוקט אויף דעם רויט־געמאָלטען קריסטוס טראָגענדיג זיין קרייץ, און אויף דאָס הייליגע קריסטוס־קינד מיט'ן אָבגעריבענעם פּנים, און אויף די רוימישע סאָלדאַטען, און די צוזאַמענגעלעגטע הענד; און איך בין אַוועק צום אָפענעם אַריינגאַנג און זיך אַניעדערגעזעצט אויף אַ שטיין. פאַר מיינע פיס איז געלעגען די קליינע בוכטע, מיט איהר ווייסע שורה פון הייזלעך, פערשטעקט צווישען די אָליווען־בוימער; דאָס וואַסער האָט אָנגעשלאָגען אַ לאַנגע ווייסע ליניע פון שוים איבער'ן ברעג; און איך האָב אָנגעשפּאַרט מיינע עלענ־בויגענס אויף די קניע. איך בין געווען מיעד, זעהר מיעד; פערמאַטערט מיט אַ מיעדיגקייט, וועלכע האָט אויסגעזעהן צו זיין עלטער ווי די היץ פונ'ם טאָג און דעם שיינען פון דער זונן אויף די ציגעל פונ'ם רוימישען טראַקט; און איך האָב אָנגעשפּאַרט מיין קאָפּ אויף די קניע. איך האָב געהערט דאָס שלאָגען פון וואַסער אָן די פעלזען דריי הונדערט פוס ניעד־ריגער, און דעם רוישען פון דעם ווינד צווישען די אָליווען־

בוימער און די חרוב'ע געוועלבען, און דאַן בין איך דאָרט איינגעשלאָפען. איך האָב גע'חלומ'ט אַ חלום.

אַ מאַן האָט אַרויפגעשריען צו גאָט, און גאָט האָט אַרונטערגעשיקט אַ מלאך איהם צו העלפען; און דער מלאך איז צוריקגעקומען און געזאָגט: „איך קען דעם מאַן ניט העלפען."

גאָט האָט געזאָגט: „וואָס איז דען מיט איהם?"

און דער מלאך האָט געענטפערט: „ער שרייט כסדר אַז אימיצער האָט איהם געקריוודעט; ער וואָלט איהם מוחל געוועזען און ער קען ניט."

גאָט האָט געזאָגט: „וואָס האָסטו געטהאָן פאַר איהם?"

דער מלאך האָט געענטפערט: „אַלעס. — איך האָב איהם פאַר'ן האַנד גענומען און געזאָגט: „זעה, ווען אַנדערע מענשען ריידען שלעכטס וועגען דיעזען מאַן, רייד דו גוטעס וועגען איהם; בסוד, אויף אַן אופן, אַז ער זאָל עס ניט וויסען, דיען איהם; אויב דו האָסט עפּעס וואָס איז טהייער ביי דיר, צוטהייל זיך מיט איהם, און אַזוי בעדיענענדיג איהם וועסטו ענדליך זיך אָנהויבען צו פיהלען צוגעבונדען צו איהם, און דו וועסט איהם פערגעבען." און ער האָט געזאָגט: „איך וועל אַזוי טהאָן." שפּעטער, ווען איך בין פערבייגעגאַנגען אין די פינסטערנים פון דער נאַכט, האָב איך געהערט אימי־צען אויסשרייען: „איך האָב אַלעס געטהאָן. עס העלפט גאָר נישט! מיין ריידען גוטעס פון איהם העלפט גאָר נישט! ווען איך זאָל דאָס בלוט פון מיין האַרצען מיט איהם זיך טהיילען, וועט דען דאָס ברענען אינעווייניג שוואַכער ווערען? איך קען

ניט פערגעבען; איך קען ניט מוחל זיין! אַך, גאָט, איך קען ניט מוחל זיין!"

„איך האָב געזאָגט צו איהם: „זעה נאָר, גיב אַ קוק צוריק אויף דיין גאַנצער פערגאַנגענהייט. בעטראַכט פון דיין קינדהייט אָן אַלע קליינליכקייטען, אַלע אונגערעכטיגקייטען, וואָס דו ביזט בעגאַנגען; קוק זיך גוט צו, און זעהסטו דען ניט ביי דעם דאָזיגען ליכט, אַז יעדער מענש איז דיין ברודער? ביזטו דען אַזוי זינדלאָז, אַז דו האָסט אַ רעכט צו האַסען?"

„ער האָט געקוקט און געזאָגט: „יא, דו האָסט רעכט; איך האָב אויך פעהלערען געמאַכט, און איך פערגיב מיין חבר. געה, איך בין צופריעדען; איך האָב מוחל געווען"; און ער האָט זיך אַניעדערגעלעגט רוהיג און פערלעגט זיינע הענד אויף זיין ברוסט, און איך האָב געמיינט, אַז ער איז שוין אין גאַנצען בערוהיגט. אָבער קוים האָב איך בעוויזען מיינע פליגלען צו עפענען אום זיך צוריק אומצוקעהרען צו דיר, ווי איך האָב ווידער דערהערט פון דער ערד איינעם שרייען: „איך קען ניט פערגעבען! איך קען ניט מוחל זיין! אַך, גאָט, איך קען ניט פערגעבען! עס איז בעסער צו שטאַרבען איידער צו האַסען! איך קען ניט מוחל זיין! איך קען ניט פערגעבען!"

און איך בין געגאַנגען און זיך געשטעלט הינטער זיין טהיר אין דער פינסטער, און איך האָב איהם געהערט שרייען: „איך האָב אַזוי ניט געזינדיגט, ניט אַזוי! אויב איך האָב ווען דעם קלענסטען ריס געטהאָן אין מיין חבר'ס פלייש, האָב איך זיך אויף די קניע געשטעלט און די וואונד מיט מיין מויל אויסגעקושט ביז עס איז פערהיילט געוואָרען. עס איז ניט מיין רצון געווען אַז ווען עס איז נשמה זאָל צו גרונד

געהן צוליעב שנאה צו מיר. אויב עס האָט זיך זיי נאָר אָבגע־דוכט, אז איך האָב זיי געקריוודעט, האָב איך מיך פאַר זיי אויף דר׳ערד אויסגעצויגען, כדי זיי זאָלען קענען טרעטען אויף מיר, און זעהענדיג ווי איך ערניעדריג זיך, זאָלען זיי מיר מוחל זיין און ניט צו גרונד געהן דורך זייער שנאה צו מיר; זיי אָבער האָבען זיך ניט געקימערט, צי מיין נשמה וועט פערלאָרען געהן; ס׳איז זייער רצון ניט געוועזן מיך צו רעטען; זיי האָבען אפילו ניט אָנגעהויבען בעטען איך זאָל זיי מוחל זיין!“

„איך האָב געזאָגט צו איהם: „הער צו, זיי דו צופריע־דען; זיי נ י ט מוחל; פערגעס דיעזע נשמה און איהרע קריוודעס; געה דיר דיין אייגענעם וועג. אויפ׳ן עולם האמת אפשר —“

„ער האָט אויסגעשריען: „געה אוועק פון מיר, דו פערשטעהסט גאָר נישט! וואָס געהט מיך אָן יענע וועלט! איך בין פערלאָרען, א י צ ט, ה י י נ ט. איך קען ניט זעהן דעם שיין פון דער זונן, דער שטויב איז אין מיין האלז, דער זאמד איז אין מיינע אויגען! געה אוועק פון מיר, דו ווייסט גאָר נישט! אך, כאָטש נאָך איינמאָל איידער איך שטארב צו זעהן, אז די וועלט איז שעהן! אך גאָט, גאָט, איך קען ניט לעבען און ניט ליעבען. איך קען ניט לעבען און האסען!“ אָט אזוי האָב איך איהם איבערגעלאָזט דאָרט וויינענדיג און בין דאָ צוריקגעקומען.“

גאָט האָט געזאָגט: די נשמה פון דעם דאָזיגען מענשען מוז גערעטעט ווערען.“

„ווי אזוי?“ האָט דער מלאך געפרעגט.

גאָט האָט געזאָגט: געה דו אַרונטער און רעטע זי.“

„וואָס נאָך זאָל איך טהאָן?“ האָט דער מלאך געפרעגט.

דאַן האָט זיך גאָט אַראָבגעבויגען און אַריינגעשעפּטשעט דעם מלאך אין אויער, און ער האָט זיינע פליגעל אויסגע־שפּרייט און איז אַרונטערגעפלויגען צו דער ערד.

און איך האָב אויפגעוואַכט, זיצענדיג דאָרט אויפ'ן צו־בראָכענעם שטיין, מיט מיין קאָפּ אויף די קניע; איך בין אָבער צו מיעד געווען אויפצושטעהן. איך האָב געהערט ווי דער ווינד האָט געוואַנדערט צווישען די אָליווען־ביימער און צווישען די איינגעפאַלענע געוועלבען, און איך בין ווידער איינגעשלאָפען.

דער מלאך איז אַרונטערגעקומען און געפונען דעם מאַן מיט דעם פערביטערטע הארץ און האָט איהם פאַר'ן האַנד גענומען, און האָט איהם געפיהרט צו אַ געוויסען פּלאַץ.

נון האָט דער מאַן ניט געוואוסט וואו דער מלאך פיהרט איהם און וואָס ער וועט איהם ווייזען. און ווען זיי זיינען אָנגעקומען, האָט דער מלאך פערדעקט דעם מאַן'ס אויגען מיט זיין פליגעל, און ווען ער האָט דעם פליגעל אָבגערוקט, האָט דער מאַן דערזעהן עפּעס פאַר זיך אויף דער ערד. דען גאָט האָט דעם מלך דעם כח געגעבען צו קענען אויפדעקען אַ מענשליכע נשמה, אַראָבנעהמען פון איהר אַלע אויסערליכע איינגענשאַפטען פון געשטאַלט און קאָליר, פון עלטער און געשלעכט, דורך וועלכע איין מענש ווערט דערקענט צווישען זיינע מיטמענשען און צייכענט זיך אויס פון די איבעריגע;

און די נשמה איז געלעגען פאַר זיי אַ נאַקעטע, פּונקט ווי איינער וואָס קוקט אַריין טיעף אין זיך און דערזעהט זיך אַליין.

זיי האָבען געזעהן איהר פערגאַנגענהייט, איהר קינד־הייט, דאָס פּיצעל לעבען ווען דער טהוי האָט עס נאָך בע־דעקט; זיי האָבען געזעהן איהר יוגענד ווען דער טהוי איז צושמאָלצען געוואָרען, און די בריאה'לע האָט אויפגעהויבען איהר קליין מיילכעל צו טרינקען פון אַ בעכער, וואָס איז צו גרויס געוועזן פאַר איהר, און זיי האָבען געזעהן, ווי דאָס וואסער האָט זיך פערגאָסען; זיי האָבען געזעהן איהרע האָפענונגען, וועלכע זיינען קיינמאָל ניט פערווירקליכט גע־וואָרען; זיי האָבען איהר געזעהן אין די שטונדען פון גייסטי־גער בלינדקייט, וואָס מענשען רופען זינד; זיי האָבען איהר געזעהן אין די שטונדען פון איינזיכט וואָס שטראַהלט אויף אַלעס, וועלכע מענשען רופען גערעכטיגקייט; זיי האָבען געזעהן איהר שטונדע פון קראַפט, ווען זי איז אויף איהרע פיס אויפגעשפּרונגען אויסרופענדיג: „איך בין אַלמעכטיג"; איהר שטונדע פון שוואַכקייט, ווען זי איז צו דר'ערד געפאַ־לען און נישט מעהר ווי שטויב ערגריפען; זיי האָבען געזעהן אַלעס וואָס זי האָט געקענט זיין, און וואָס זי וועט אָבער קיינמאָל ניט זיין.

דער מאַן האָט זיך אַראָבגעבויגען.

און דער מלאך האָט געפרעגט: „וואָס איז עס?"

ער האָט געענטפערט: „דאָס בין איך! דאָס בין איך אַליין!" און ער האָט זיך נאָך מעהר אַראָבגעבויגען, אַזוי ווי ער וואָלט געוואָלט זיין האַרץ צו דעם צופּרעסען; דער מלאך

אָבער האָט איהם צוריקגעהאַלטען און פערדעקט זיינע אויגען.

נון האָט גאָט געגעבען דעם מלאך די קראפט נאָך מעהר צו ענטבלעזען דיעזע נשמה, אראָבצונעהמען פון איהר די אלע אויסערליכע בעקליידונגען פון צייט, פון אָרט און אומשטענדען, דורך וועלכע דאָס לעבען פונ׳ם איינצעלנעם ווערט אָבגעזונדערט פון דעם לעבען פונ׳ם כלל.

און ווידער האָט דער מלאך אויפגעדעקט דעם מאַן׳ס אויגען, און ער האָט געקוקט. ער האָט דערזעהן פאַר זיך דאָס, וואָס שפּיעגעלט אָב אין איהר ברעקעל פאָרם דעם גאַנצען אוניווערזום; דאָס וואָס צייכענט אָן אין זיך גופא דעם גאַנג פונ׳ם וויטסטען שטערען, און דערצעהלט ווי אזוי דער קריסטאָל וואַקסט אויפ׳ן גרונד פון ים, וואו קיין אויג האָט נאָך ניט אַריינגעדרונגען; דאָס וואָס געפינט זיך דאָרט, וואו דער זאָמען־קערענדעל אין דער איי בעוועגט זיך; דאָס וואָס בעוועגט די אויסגעשטרעקטע פינגער פון דער נאָר־וואָס געבאָרענער עופה׳לע, און האַלט די בלעטער אויף די בוימער געווענדעט אַרויף־צו; וואָס בעוועגט זיך דאָרט וואו דער שליים־פיש זעגעלט איינזאַם אויף די זוניגע ימים, און איז דאָרט וואו דער מאָך בילדעט זיך אויף די פעלזען פון די בערג.

און דער מאַן האָט געקוקט.

און דער מלאך האָט איהם אָנגעריהרט.

אָבער דער מאַן האָט דעם קאָפּ אַראָבגעבויגען און געשוידערט. ער האָט געשעפּטשעט — „דאָס איז גאָט!“

און דער מלאך האָט ווידער פערשטעלט דעם מאַן׳ס אויגען, און ווען ער האָט זיי צוריק אויפגעדעקט, האָט ער

געזעהן אימיצען אוועקגעהן פון זיי אַ ביסעל ווייטער — דען דען מלאך האָט צוריק אָנגעקליידעט די נשמה אין איהר אויסערליכער געשטאַלט און קליידונג — און דער מאַן האָט געוואוסט ווער דאָס איז.

און דער מלאך האָט געפרעגט: „קענסטו איהם?"

און דער מאַן האָט געענטפערט: „איך קען איהם", און ער האָט געקוקט אויף דער געשטאַלט.

„האָסטו איהם פערגעבען?" האָט דער מלאך געפרעגט.

אָבער דער מאַן האָט נור געזאָגט: „ווי שעהן מיין ברודער איז!" און דער מלאך האָט אַריינגעקוקט אין דעם מאַן'ס אויגען, און ער האָט זיין אייגען פנים מיט די פליגעל פערשטעלט פאַר דעם שיין, ער האָט זאַנפט געשמייכעלט און איז צו גאָט ארויף.

אָבער די מענשען זיינען געבליבען צוזאַמען אויף דער ערד.

איך האָב אויפגעוואַכט.

איבער מיין קאָפּ איז געוועזן דער בלויער, בלויער הימעל און די כוואַליעס האָבען געשלאָגען אונטען אָן ברעג. איך בין דורכגעגאַנגען די קליינע קאַפּעלע און האָב געזעהן די מאַדאָנאַ אין בלוי און אין רויט, און דעם קריסטוס טראָגענדיג זיין קרייץ; און די רוימישע סאָלדאַטען מיט די שטאַנגען; און דאָס הייליג קריסטוס־קינד מיט'ן אָבגעריבענעם פנים; און דאַן בין איך אַרונטער פון דעם באַרג־אַראָביגען פעלז צו דעם ציגעל־געפּלאַסטערטען שטעג. די אָליווען־בוימער זיינען געוועזן אויסגעשטעלט פון ביידע זייטען וועג, און זייערע שוואַר־

צע פרוכט און בלאָס־גרינע בלעטער זיינען געווען געריכטעט צום הימעל; און די קליינע אייז־פלאַנצען זיינען אראָבגע־האנגען פון די שפּאַלטען אין דער שטיינערנער וואנד. עס האָט מיר אויסגעוויזען אז עס האָט גערעגענט אין דער צייט וואָס איך בין געשלאָפען. מיר האָט זיך געדוכט אז איך האָב ביז איצט נאָך קיינמאָל ניט געזעהן דעם הימעל און די ערד אזוי שעהן ווי איצט. איך בין געגאנגען מיט'ן טראקט. די אַלטע, אַלטע מיעדיגקייט איז פערשוואונדען.

באַלד איז אָנגעקומען אַ פויערן־אינגעל, פיהרענדיג אַן עזעל; פון ביידע זייטען זיינען געווען צוגעבונדען גרויסע קערב; און זיי זיינען געגאנגען פאָראויס, פאַר מיר אויפ'ן וועג.

איך האָב איהם קיינמאָל פריהער ניט געזעהן; מיר האָט זיך אָבער אַזוי געוואָלט געהן ביי זיין זייט און האלטען איהם פאַר'ן האַנד — נאָר, ער וואָלט ניט געוואוסט וואָרום.





.8

# לעבענס מתנות.

---

איך האָב געזעהן אַ פרוי שלאָפענדיג. אין איהר שלאָף האָט זי גע׳חלום׳ט, אַז לעבען שטעהט פאַר איהר, און האַלט אין יעדער האַנד אַ מתנה — אין איין האַנד ליעבע, אין דער אַנדערער פרייהייט. און דאָס לעבען האָט געזאָגט צו דער פרוי: „קלייב אויס!“

און די פרוי האָט לאַנג געוואַרט; און זי האָט געזאָגט: „פרייהייט!“

„גוט האָסטו אויסגעקליבען“, האָט לעבען געזאָגט; „ווען דו וואָלסט געזאָגט ליעבע, וואָלט איך דיר געגעבען וואָס דו פערלאַנגסט; און איך וואָלט אַוועק פון דיר, און מעהר ניט צוריקגעקומען. איצט אָבער וועט קומען אַ טאָג, ווען איך וועל צוריקקומען. און אין דעם טאָג וועל איך ביידע מתנות אין איין האַנד האַלטען.“

איך האָב געהערט ווי די פרוי האָט אין שלאָף געלאַכט.





.9

# דעם קינסטלער'ס סוד

---

אמאָל איז אַ קינסטלער געווען. און אַ בילד האָט ער געמאָלט. אַנדערע קינסטלער האָבען רייכערע און זעלטענערע פאַרבען געהאַט, און זיי האָבען אָנגעזועהענערע בילדער געמאָלט. זיין בילד האָט ער נאָר אין איין אײינציגען קאָליר געמאָלט, אַ וואונדערבאַר רויטער גלאַנץ איז אין דעם פאַרב געווען; און די מענשען זיינען געקומען און אַוועקגעגאַנגען, זאָגענדיג: „אונז געפעלט דאָס בילד, אונז געפעלט דער גלאַנץ."

די איבעריגע קינסטלער זיינען געקומען און געזאָגט, „וואו נעהמט ער זיין פאַרב?" זיי האָבען איהם געפרעגט; און ער האָט געשמייכעלט און געזאָגט: „איך קען עס אייך ניט זאָגען"; און ווייטער האָט ער געאַרבייט מיט אַ געבויגע־נעם קאָפּ.

איינער איז אין ווייטען מזרח אַוועק און טהייערע פאַרבען געקויפט, און זעלטענע קאָלירען האָט ער צוזאַמענגע־שטעלט און געמאָלען; אין אַ ווײלע אַרום אָבער איז דאָס בילד אָבגעבלאַקירט געוואָרען. אַן אַנדערער האָט אַן אַלט בוך געלייענט, און רייכע זעלטענע קאָלירען האָט ער געמאַכט;

אַזוי גיך אָבער ווי ער האָט זיי אויפ'ן בילד ארויפגעטהאָן, זיינען זיי טויט געווען.

דער קינסטלער אָבער האָט ווייטער געמאָלט. אַלץ רויטער און רויטער איז זיין ווערק געוואָרען, און ער אַליין איז געוואָרען אַלץ ווייסער און ווייסער. ענדליך האָט מען איהם איין טאָג אַ טויטען פאַר זיין בילד געפונען, און זיי האָבען איהם אַוועקגענומען מקבר צו זיין. די אַנדערע קינסטלער האָבען אין זיינע טעפּלעך און פאַרב־געשיר געזוכט, זיי האָבען אָבער קיין זאַך ניט געפונען, וואָס זיי האָבען ניט געהאַט.

און ווען זיי האָבען זיינע קליידער אראָבגעצויגען, כדי איהם די תכריכים אָנצוטהאָן, האָבען זיי איבער זיין לינקער ברוסט אַ צייכען פון אַ וואונד דערזעהן — ס'איז אַן אַלטע, אַלטע וואונד געווען, וועלכע ער האָט אודאי זיין גאַנץ לעבען געהאַט, דען די ברעגעס ארום זיינען אַלט און פערטריקענט געווען; נאָר דער טויט, וואָס פערזיעגעלט אַלעס, האָט די ברעגעס צוזאַמענגעצויגען, און איהר פערמאַכט.

און זיי האָבען איהם מקבר געווען. און נאָך אַלץ זיינען די מענשען ארומגעגאַנגען זיך פרעגענדיג: „פון וואַנען האָט ער זיינע פאַרבען גענומען?"

— מיט דער צייט האָט מען דעם קינסטלער פערגעסען — זיין ווערק אָבער האָט געלעבט.





.10

# „מיר האט זיך געדוכט איך שטעה."

.1

מיר האָט זיך געדוכט, אַז איך שטעה אין הימעל פאַר דעם כסא הכבוד, און גאָט האָט מיר געפרעגט, נאָך וואָס איך בין געקומען. איך האָב איהם געזאָגט, אַז איך בין געקומען אָנקלאָגען מיין ברודער, דעם מאַן.

„וואָס האָט ער געטהאָן?" האָט גאָט געפרעגט.

איך האָב געענטפערט: „ער האָט גענומען מיין שוועס־טער, די פרוי, און האָט זי געשלאָגען, פערוואונדעט, און אַרויסגעוואָרפען אין גאַס; און זי ליעגט דאָרט אונבעוועג־ליך. זיינע הענד זיינען רויט פון בלוט. א י ך בין געקומען איהם אָנצוקלאָגען; די הערשאַפט זיינע זאָל אַוועקגענוהמען ווערען פון איהם, ווייל ער איז עס ניט ווערטה, און זאָל איבערגעגעבען ווערען צו מיר. מיינע הענד זיינען ריין."

און איך האָב זיי איהם געוויזען.

גאָט האָט געזאָגט: „דיינע הענד זיינען ריין. — הויב אויף דיין קלייד."

איך האָב עס אויפגעהויבען; מיינע פיס זיינען רויט

געוועזן, בלוט־רויט, אזוי ווי איך וואָלט אין וויין געטראָטען.

גאָט האָט געזאָגט: „פון וואַנען איז דאָס?“

איך האָב געזאָגט: „טהייערער האדר, די גאַסען אויף דער ערד זיינען פול מיט בלאָטע, ווען איך זאָל געהן גליך אין זיי, וואָלטען מיינע אויבער־קליידער פערשמוצט געוואָרען. דו זעהסט, ווי וויים זיי זיינען! דעריבער קלייב איך מיר אוים מיין וועג.“

„איבער וואָס טרעטסטו? האָט גאָט געפרעגט.

איך האָב געשוויגען, און האָב מיין קלייד אַראָבגעלאָזט. מיט מיין מאַנטעל האָב איך מיין קאָפּ פערדעקט. שטיל בין איך אַרויסגעגאַנגען. איך האָב מורא געהאַט די מלאכים זאָלען מיך ניט זעהן.

.2

ווידער אַמאָל בין איך געשטאַנען פאַר די שערי שמים, איך און נאָך איינע. פעסט האָבען מיר זיך געהאַלטען איינע אָן די אַנדערע; זעהר מיעד זיינען מיר געוועזן. מיר האָבען אַרויפגעקוקט צו די גרויסע טהויערען; די מלאכים האָבען זיי געעפענט, און מיר זיינען אַריין. אונזערע קליידער זיינען געוועזן פערבלאָטיגט. מיר זיינען געגאַנגען איבער דעם מאַרמאָרנעם דיעל אַרויף צום גרויסען כסא הכבוד. דאָרט האָבען די מלאכים אונז צושיידט, איהר האָבען זיי אַוועקגעזעצט אויפ'ן אויבערשטען טרעפּעל, מיר אָבער, אויפ'ן אונטערשטען; ווייל, האָבען זיי געזאָגט, „דאָס לעצטע מאָל, ווען די דאָזיגע פרוי איז דאָ געוועזן, האָט זי איבערגעלאָזט רויטע

פוס־טריט אויף די דיעלען; מיט אונזערע טרעהרען האָבען מיר זיי געדאַרפט אויסוואַשען. לאָזט איהר ניט אַרויפגעהן."

דאַן האָט די, מיט וועמען איך בין געקומען, צוריקגע־קוקט און אויסגעשטרעקט איהרע הענד צו מיר; און איך בין געגאַנגען און זיך געשטעלט נעבען איהר. און די מלאכים, זיי, די שטראַהלענדע, וועלכע האָבען קיינמאָל ניט געזינדיגט און קיינמאָל ניט געליטען, זיינען געגאַנגען אַרויף און אַראָב, הין און צוריק; איך מיין, אַז מיר וואָלטען זיך גאַנץ איינזאַם געפיהלט, ווען מיר וואָלטען איינע אָהן די אַנדערע געווען. די מלאכים זיינען אַזוי הערליך געווען.

גאָט האָט מיר געפרעגט, נאָך וואָס איך בין געקומען; איך האָב מיין שוועסטער אַביסעל פאָראויס געשטופּט, כדי ער זאָל זי זעהן.

גאָט האָט געזאָגט: „ווי קומט עס, וואָס איהר זייט דאָ היינטביידע צוזאַמען?"

איך האָב געזאָגט: „זי איז אויף דער ערד אין גאַס געלעגען, און זיי זיינען איבער איהר געגאַנגען; איך האָב מיר נעבען איהר אַניעדערגעלעגט, מיט איהרע אָרעמס האָט זי מיין האַלז אַרומגענומען, אָט אַזוי האָב איך זי אויפגעהויבען און צוזאַמען האָבען מיר זיך ביידע אויפגעשטעלט."

„וועמען זייט איהר היינט געקומען אָנקלאָגען פאַר מיר?" האָט גאָט געפרעגט.

איך האָב געענטפערט: „קיינעם זיינען מיר ניט געקו־מען אָנקלאָגען."

און גאָט האָט זיך אָנגעבויגען און געזאָגט: „קינדער מיינע — וואָס אַזוינס זוכט איהר?"

און מייַן חבר׳טע האָט מיר אַ ציה געטהאָן פֿאַר׳ן האַנד, איך זאָל פֿאַר ביידען ריידען.

איך האָב געזאָגט: „מיר זייַנען געקומען צו דיר מיט דער בקשה, דו זאָלסט ריידען צום מאַן, אונזער ברודער, און אונז אַ שליחות צו איהם מיטגעבען, ער זאָל אונז פֿערשטעהן קענען, און ער זאָל קענען —"

גאָט האָט געזאָגט: „געהט, נעהמט מיט די שליחות צו איהם."

„אָבער וואָס איז די שליחות?" האָב איך געפֿרעגט.

גאָט האָט געזאָגט: „אויף אייערע הערצער איז עס אָנגעשריבען; נעהמט עס אַרונטער צו איהם!"

און מיר האָבען זיך אומגעקעהרט צו געהן; די מלאכים זייַנען מיט אונז צו דער טהיר געגאַנגען. זיי האָבען געקוקט אויף אונז.

און איינער האָט געזאָגט: „אַך! אָבער שעהן זייַנען זייערע קליידער!"

און אַן אַנדערער האָט געזאָגט: „איך האָב געמיינט עס איז קויט, ווען זיי זייַנען געקומען, זעהט אָבער, ס'איז דאָך אַלעס גאָלד!"

אָבער אַן אַנדערער האָט געזאָגט: „שאַ, דאָס איז דער גלאַנץ פֿון זייערע געזיכטער!"

און מיר זייַנען אַרונטער צו איהם.





.11

# דאס זונען־ליכט איז געלעגען איבער מיין בעט.—

---

איין נאַכט בין איך אין דער פינסטער געלעגען אויף מיין בעט. איך האָב געהערט דאָס קלאַפּען פון דעם פּאָלי־ציסט׳ס פיס אויפ׳ן טראָטואַר; איך האָב געהערט דעם ראָלען פון די רעדער פון קאַרעטען פאָהרענדיג פון די אונ־טערהאַלטונגס־פּלעצער; איך האָב געהערט דאָס געלעכטער פון א פרוי הינטער מיין פענסטער — און דאַן בין איך איינ־געשלאָפען. און אין דער פינסטערניס האָב איך גע׳חלומ׳ט א חלום. מיר האָט זיך גע׳חלומ׳ט אז גאָט האָט גענומען מיין נשמה אין גיהנום.

דער גיהנום איז א שעהן פּלאַץ געווען; דאָס וואַסער פון טייך איז בלוי געווען.

איך האָב צו גאָט געזאָגט: „מיר געפעלט דיעזער פּלאַץ.“

„אה, ס׳געפעלט דיר!“ האָט גאָט געענטפערט.

פויגעל האָבען געזונגען, דער ברעג פון טייך איז בע־דעקט געווען מיט גראָז, און בוימער זיינען געוואַקסען פון איהם. ווייט אַוועק צווישען די בוימער האָב איך געזעהן שעהנע פרויען אַרומשפּאַצירען. די קליידער וואָס זיי האָבען

געטראָגען זײַנען פון פערשיערענע אנגענעהמע קאָלירען געוועזן, און זײַנען אויף זיי געלעגען ווי אויסגעגאָסען; הויך, גראַציעז זײַנען זיי געווען, מיט גאָלדענע לאָקען. זייערע שלעפעס האָבען זיך איבער'ן גראָז געשאַרט. אַריין און אַרויס, צווישען די בוימער, האָבען זיי זיך בעוועגט, און איבער זייערע קעפּ זײַנען גאָלדענע פרוכט געהאַנגען, ווי גרויסע באַרען פון געשמאָלצענעם גאָלד.

„ווי שעהן זיי זײַנען!" האָב איך אויסגערופען; „איך וועל צוגעהן און פערזוכען די —"

„וואַרט אויס", האָט גאָט געזאָגט.

אין אַ ווײַלע אַרום האָב איך בעמערקט אַ וואונדערשעהנע פרוי פערבײַגעהן; זי האָט געקוקט אַהער און אַהין, האָט אַראָבגעבויגען אַ צווייג, און עס האָט אויסגעזעהן ווי זי וואָלט צערטליך געקושט די פרוכט וואָס אויף איהם, און זי איז זיך געגאַנגען איהר וועג, און ס'האָט זיך ניט געהערט קיין שאָרך פון איהר קלייד, בעת זי איז געגאַנגען איבער'ן גראָז. ווען זי איז פערשוואונדען, איז פון צווישען די שטאַמען אַרויסגעקומען אַן אַנדער פרוי, פּונקט אַזוי שעהן ווי יענע איז געווען, אין אַן עדעל קאָלירט קלייד; זי האָט זיך אויף אַלע זײַטען אַרומגעקוקט. ווען זי האָט געזעהן אַז קיינער איז ניטאָ, האָט זי אַראָבגעבויגען די פרוכט און נאָכדעם ווי זי האָט עס גוט בעטראַכט, אום אויסצוגעפינען אַ ריכטיגען פּלאַץ, האָט זי צערטליך צוגעלעגט צו דעם איהרע ליפּען, און איז אַוועק. און נאָך און נאָך פרויען האָב איך געזעהן קומען, ניט מאַכענדיג קיין גערויש, און אויך זיי זײַנען זאַכט אַוועק איבער'ן גראָז.

און איך האָב געזאָגט צו גאָט: „וואָס טהוען זיי?“

גאָט האָט געזאָגט: „זיי פערגיפטען די פּירות.“

„ווי אזוי?“ האָב איך געפרעגט.

און גאָט האָט געזאָגט: „זיי בעריהרען די פּירות מיט זייערע ליפּען; נאָכדעם ווי זיי בייסען זיי איין מיט זייערע פאָדערשטע צייהן, לאָזען זיי דאָרט אריין דאָס, וואָס געפינט זיך אונטער זייערע צונגען; און זיי פערגלעטען עס צוריק מיט זייערע ליפּען — כדי קיינער זאָל ניט דערקענען דעם אָרט, און זיי געהען זיך אַוועק.“

„וואָרום טהוען זיי דאָס?“ האָב איך ביי גאָט געפרעגט.

„כדי אַנדערע זאָלען זיי ניט קענען עסען“, האָט גאָט געזאָגט.

אָבער אויב זיי פערגיפטען אַלע“, האָב איך צו גאָט געזאָגט, „וועט דאָך קיינער זיך ניט איינשטעלען זיי צו עסען; וואָס געווינען זיי דאַן?“

„גאָרנישט“, האָט גאָט געענטפערט.

איך האָב געזאָגט: „האָבען זיי דען קיין מורא ניט, טאָמער וועלען זיי אַליין טרעפען אויף אַן אָרט וואו אַן אַנדערער האָט געביסען?“

„זיי האָבען מורא“, האָט גאָט געזאָגט. „אין גיהנום האָבען אַלע מענשען מורא.“

ער האָט מיך ווייטער געפיהרט. און דאָס וואַסער פון טייך האָט אויסגעזעהן ווענינער בלוי.

דאַן, רעכטס, צווישען די בוימער, האָבען מענער געאַרבייט. און איך האָב צו גאָט געזאָגט: „איך וואָלט חשק געהאַט

צו געהן ארבייטען מיט זיי. דער גיהנום מוז א פרוכטבארער
ארט זיין, די גראז איז דא אזוי גרין."

גאט האט געזאגט: „קיין זאך וואקסט ניט אין דעם
גארטען וואס זיי מאכען."

מיר זיינען געשטאנען און געקוקט; און איך האב זיי
געזעהן ארבייטענדיג צווישען די קוסטעס, גראבענדיג גרי־
בער, זיי האבען אבער אין זיי קיין זאך ניט אריינגעטהאן; און
נאכדעם ווי זיי האבען זיי איבערגעדעקט מיט שטעקלעך און
ערד, איז זיך יעדערער אוועק אן א זייט און זיך אוועקגעזעצט
אונטער די קוסטעס און געווארט; און איך האב געמערקט
אז בעת זיי זיינען געגאנגען, האבען זיי פארזיכטיג געשטעלט
זייערע טריט, און גוט אכטונג געגעבען, וואו זיי טרעטען.
איך האב געפרעגט ביי גאט: „וואס טהוען זיי?"

גאט האט געענטפערט: „גרוב־פאלען מאכען זיי, וואוהין
זייערע מיטמענשען זאלען אריינפאלען."

„צו וואס טהוען זיי דאס?" האב איך געפרעגט.

גאט האט געזאגט: „ווייל יעדער דענקט, אז ווען זיין
ברודער וועט פאלען, וועט ער שטייגען."

„ווי אזוי וועט ער שטייגען?" האב איך געפרעגט.

„ער וועט טאקע ניט שטייגען", האט גאט געענטפערט.

און איך האב געזעהן ווי זייערע אויגען האבען גע־
בליסטשעט פון הינטער די קוסטעס.

„זיינען דיעזע מענשען ביים זינען?" האב איך גאט
געפרעגט.

גאט האט געזאגט: „זיי זיינען ניט ביים זינען; אין
גיהנום איז ניטא קיין קלארער מענש."

און ער האָט מיר געהייסען ווייטער געהן.

און איך האָב מיך ארומגעקוקט, וואו איך שטעל מיינע פיס.

און מיר זיינען צוגעקומען צו א פלאַץ, וואו דער גיהנום האָט זיך פונאַנדערגעעפענט אין א ברייטען פלאַך־לאַנד, און א גרויס הויז איז דאָרט געשטאַנען. מאַרמאָרנע זיילען האָבען דעם דאַך אונטערגעהאַלטען; און ווייסע מאַרמאָרנע טרעפּ האָבען ארויפגעפיהרט אין דער געביידע. א הימעלשער ווינד האָט געבלאָזען דורך דער געביידע. פון הינטען נור איז אראָב־געהאַנגען א שווערער פאָרהאַנג. שעהנע מענער און פרויען האָבען זיך אונטערהאַלטען ארום לאַנגע טישען. זיי האָבען געטאַנצט, און איך האָב געזעהן ווי די קליידער פון די פרויען האָבען געפלאַטערט אין דער לופט, און האָב געהערט דאָס לאַכען פון קרעפטיגע מענער. אונטערהאַלטען האָבען זיי זיך מיט וויין, וואָס זיי האָבען געשעפּט פון גרויסע קרוגען, וועלכע זיינען געשטאַנען ערגעץ־וואו אין הינטערגרונד, און איך האָב געזעהן ווי דער וויין האָט געפינקעלט, ווען זיי האָבען איהם געגאָסען.

און איך האָב צו גאָט געזאָגט: „איך וואָלט לוסט געהאַט צוצוגעהן און טרינקען.“ און גאָט האָט געזאָגט: „וואַרט אויס.“ און איך האָב געזעהן ווי מענער זיינען אריינגעקומען אין פעסט־זאַל; אריינגעקומען זיינען זיי פון הינטען; זיי האָבען אָן א זייט אויפגעהויבען א ברעג פאָרהאַנג און גע־שווינד אריינגעקראָכען; און צוריק האָבען זיי אראָבגעלאָזט דעם פאָרהאַנג הינטער זיך; גרויסע קרוגען האָבען זיי גע־טראָגען, זיי האָבען זיי קוים געקענט דערשלעפּען. און די

מענער און די פרויען האָבען זיך אַרומגעקליבען אַרום זיי, און די נײַ־אָנגעקומענע האָבען די קרוגען געעפענט און זיי ווײַן צום טרינקען געגעבען; און איך האָב געזעהן ווי די פרויען האָבען זאָגאַר נאָך זשעדנער געטרונקען ווי די מענער. אַנדערע, וועלכע האָבען זיך שוין גוט אָנגעטרונקען געהאַט, האָבען די קרוגען אַוועקגעשטעלט צווישען די אַלטע, נעבען וואַנד, און האָבען צוריק זייערע פּלעצער פֿערנומען בײַם טיש. און איך האָב געזעהן, אַז מאַנכע פון די קרוגען זײַנען גאַנץ אַלט געווען, פֿערשמירט און פֿערשטויבט, אַנדערע האָבען נאָך אויף זיך טראָפּענס פון פרישע טרויבען־זאַפט געהאַט, און זיי האָבען געגלאַנצט, ווי נאַר־וואָס פון שמעלץ־אויוועןן אַרויס.

און איך האָב געזאָגט צו גאָט: „וואָס איז דאָס?“ דען אין דעם קלאַנג פון געזאַנג, איבער דעם קלאַפּען מיט די פיס פון די טענצער, און איבער דעם פרעהליכען געלעכטער בײַ די בעכערס ווײַן, האָב איך אַ געוויין געהערט.

און גאָט האָט געזאָגט: „שטעל זיך אַביסעל פון ווײַטען.“

און ער האָט מיך גענומען אויף אַן אָרט, וואו איך האָב בײַדע זײַטען פון פֿאָרהאַנג געקענט זעהן. הינטער'ן הויז איז געווען דער ווײַן־קעלטער, וואו דער ווײַן איז געמאַכט געוואָרען. איך האָב געזעהן, ווי מען האָט די ווײַנטרויבען געדריקט, און איך האָב זיי ווײנען געהערט. איך האָב בײַ גאָט געפרעגט: „און זיי, אויף דער אַנדער זײַט, הערען דען דאָס ניט?“

גאָט האָט געזאָגט: „דער פֿאָרהאַנג איז דיק, און זיי הוליען.“

און איך האָב געזאָגט: „אָבער די וואָס זיינען צום לעצטען אריינגעקומען, זיי האָבען דאָך געזעהן?“

גאָט האָט געזאָגט: „זיי לאָזען ארונטער דעם פאָרהאנג הינטער זיך — און זיי פערגעסען.“

איך האָב געפרעגט: „ווי האָבען זיי בעקומען זייערע קרוגען מיט וויין?“

גאָט האָט געזאָגט: „דאָס זיינען די, וועלכע טרעטענדיג דעם פרעם קומען ארויף פון אויבען; זיי האָבען ארויסגעקלעטערט איבער'ן ברעג, און האָבען זייערע קרוגען אָנגעפילט פון אונטען, און זיי זיינען אריין אין הויז.“

„און ווען זיי וואָלטען ארונטערגעפאַלען קלעטערענדיג?“ האָב איך געפרעגט.

„וואָלט פון זיי וויין געוואָרען“, האָט גאָט געענטפערט.

איך בין געשטאַנען פון דער ווייטען און דאָס אַלעס בעטראַכט, און איך האָב געשווידערט.

גאָט איז געלעגען אין זונען־שיין און האָט אויך צוגעקוקט.

דאַן איז איינער צווישען די טרינקער אויפגעשטאַנען, און האָט געזאָגט: „מיינע ברידער, לאָמיר תפלה טהאָן!“

און אַלע מענער און פרויען זיינען אויפגעשטאַנען: און שטאַרקע מענער האָבען זייערע קעפ אַראָבגעבויגען און מוטערס האָבען די הענדטעלעך פון זייערע קליינע קינדער צוזאַמענגעלעגט, און זייערע פנים'ער האָבען זיי אין דער הויך פעררויסען, צום דאַך. און דער וואָס האָט זיך צוערשט אויפגעהויבען האָט זיך אויבענאָן געשטעלט, און זיינעביידע הענד אויסגעשטרעקט, און זיין באָרד איז לאַנג און ווייס

געוועןּ, און זיינע ארבעל און זיין באָרד זיינען אין ווײַן אָב־געטונקט געוועןּ; און ווייל זיינע ארבעל זיינען געוועןּ ברייט, האָבען זיי אין זיך א סך ווײַן אריינזאפּען געקענט, און ארונטערגעטריפט האָט עס אויף די דיעלען.

און ער האָט אויסגערופען: „מיינע ברידער און מיינע שוועסטער, לאָמיר תפלה טהאָן.“

און אלע מענער און פרויען האָבען געענטפערט: „לאָמיר תפלה טהאָן.“

ער האָט אויסגערופען: „פאר אָט דאָס שעהנע פעסט־הויז דאנקען מיר דיר, גאָט.“

און אלע מענער און פרויען האָבען געענטפערט: „מיר דאנקען דיר, גאָט.“

„דיינס איז דיעזעס הויז, גרויסער גאָט.“

„דיינס איז דיעזעס הויז.“

„פאר אונז האָסטו עס בעשאפען.“

„פאר אונז.“

„אָה, פיל אָן אונזערע קרוגען מיט ווײַן, טהייערער הארר.“

„אונזערע קרוגען מיט ווײַן.“

„גיעב פריעדען און שפע אין אונזער צייט, טהייערער גאָט.“

„פריעדען און שפע אין אונזער צייט.“

איך האָב געזאָגט צו גאָט: „ווער איז דאָס, צו וועמען זיי ריידען?“ גאָט האָט געענטפערט: „ווייס איך, פון וועמען זיי ריידען?“ און איך האָב געזעהן ווי זיי האָבען ארויפגע־

קוקט צום דאַך; אָבער אין דרויסען, אין זונען־שיין, איז גאָט געלעגען.

„— טהייערער הארר!"

„טהייערער הארר!"

„אונזערע קינדס־קינדער, אָה, גאָט —"

איך האָב צו גאָט געזאָגט: „די טרויבען וויינען!" גאָט האָט געענטפערט: „שטיל! א י ך הער זיי."

„זאָלען דיך רופען געהייליגט."

„גיס אויס מעהר ווייַן איבער אונז, אָה, גאָט."

„מעהר וויין."

„מעהר וויין."

„מעהר וויין."

„וויין!!"

„וויין!!"

„וויין!!"

„טהייערער גאָט!"

דאַן האָבען זיך די מענער און פרויען אַניעדערגעזועצט און די הוליאַנקע איז ווייטער אָנגעגאַנגען. און מוטערס האָבען אָנגעגאָסען וויין און געקאָרמעט דערמיט זייערע קליינע קינדער, און די מענער האָבען צוגעטראָגען די בעכער צו די ליפּען פון די פרויען און אויסגערופען: „געליעבטע! טרינק", און די פרויען האָבען אָנגעפילט די פלעשער פון זייערע געליעבטע און זיי צוגעטראָגען; און די הוליאַנקע איז ווייטער אָנגעגאַנגען.

אין אַ ווייַלע אַרום האָב איך אַ בליק געטהאָן, און איך

האָב געזעהן, אז דער פאַרהאַנג וואָס איז הינטער'ן הויז געהאַנגען, האָט זיך בעוועגט.

איך האָב געזאָגט צו גאָט: „איז עס פון ווינד?“

גאָט האָט געזאָגט: „פון ווינד.“

און מיר האָט זיך אויסגעוויזען, אז פון פאַרהאַנג האָבען ארויסגעשטאַרטשט די פיגורען פון מענער און פרויען. אביסעל שפּעטער האָבען די געסט בעמערקט ווי דער פאַרהאַנג האָט זיך געשאָקעלט, און זיי האָבען געשעפּטשעט איינע צו די אַנדערע. דאַן האָבען זיך אַ טהייל פון זיי אויפגעהויבען און צוזאַמענגעקליבען די אָבגעניצטעסטע בעכערס, און זיי האָבען אין זיי צוזאַמענגעגאָסען דאָס וואָס איז געווען איבערגע־בליבען אויף די דעקען פון די איבעריגע כלים. די מוטערס האָבען געהייסען זייערע קינדער זיי זאָלען איבערלאָזען אַ קליין ביסעל אין זייערע בעכערס, און ניט אויסטרינקען אין גאַנצען. און ווען זיי האָבען די אַלע שיריים צונויפגענומען האָבען זיי דאָס דורכגעשטופּט אונטער'ן פאַרהאַנג, ניט אויפ־הויבענדיג איהם. און אין אַ ווײַלע אַרום האָט דער פאַרהאַנג זיך אויפגעהערט צו שאָקלען.

איך האָב צו גאָט געזאָגט: „וואַרום איז עס אַזוי שטיל געוואָרען?“

און ער האָט געזאָגט: „זיי זיינען אַוועקגעגאַנגען עס אויסטרינקען.“

„ז י י טרינקען עס! — ז י י ע ר א י י ג ע ן בלוט!!“ האָב איך אויסגערופען.

גאָט האָט געענטפערט: „עס קומט פון דער זייט פון פאַרהאַנג, און זיי זיינען זעהר דאָרשטיג.“

און די הוליאנקע איז ווייטער אַנגעגאַנגען, און אין אַ ווײַלע אַרום האָב איך געזעהן ווי אַ קליינע, ווייסע האַנד האָט זיך אַריינגעגליטשט איבער די דיעלען, פון אונטער דעם ברעג פאָרהאַנג; און זי האָט זיך געשאַרט צו די וויין־קרוגען.

און איך האָב געזאָגט צו גאָט: „וואָרום איז די האַנד אַזוי בלוטלאָז?“

און גאָט האָט געזאָגט: „דאָס איז אַ וויין־געפּרעסטע האַנד.“

און די מענער האָבען די האַנד דערזעהן און זיינען אויפגעשפּרונגען אויף זייערע פיס; און די פרויען האָבען געשריען, און זיי זיינען צוגעלאָפען צו די גרויסע וויין־קרוגען, און זיי האָבען אויף זיי זייערע הענד אַרויפגעלעגט און געשריען: „אונזערע, אונזערע טהייערע, אונזערע ליעבע!“ און זיי האָבען זיי אַרומגעפלאָכטען מיט זייערע לאַנגע האָר.

איך האָב געזאָגט צו גאָט: „וואָרום ציטערען זיי אַזוי פאַר דער איינציגער קליינער האַנד?“

גאָט האָט געענטפערט: „ווייל זי איז אַזוי ווייס.“

און אין גרויסע גרופּען זיינען מענער געלאָפען צום פאָרהאַנג, און זיי האָבען דאָרט געקעמפּפט. איך האָב געהערט ווי זיי האָבען געקלאַפּט אויף די דיעלען. און ווען זיי האָבען זיך אָבגערוקט פון דאָרטען, איז ווידער דער פאָרהאַנג געהאַנגען גלאַט און רוהיג; און אַ קליינער פלעק איז דאָרט געבליבען אויפ'ן דיעל.

„וואָרום וואַשען זיי עס ניט אָב?“ האָב איך צו גאָט געזאָגט.

גאָט האָט געענטפערט: „זיי קענען ניט.“

און זיי האָבען גענומען קלײנע שטײנדלעך און אויס־געלעגט איבער׳ן ברעג פון פאַרהאַנג, כדי איהם צו האַלטען אַרונטערגעצויגען. דאַן האָבען זיך די מענער און פרויען צוריק אַוועקגעזעצט ביי די טישען.

און איך האָב געזאָגט צו גאָט: „ווּעלען אָט די שטײנד־לעך פעסט־האַלטען דעם פאַרהאַנג?"

„וואָס דענקסטו?" האָט גאָט געזאָגט.

„אויב דער ווינד וועט בלאָזען —" האָב איך געזאָגט.

און גאָט האָט געזאָגט: „אויב דער ווינד וועט בלאָזען?"

און די הוליאַנקע איז ווייטער אָנגעגאַנגען.

און פּלוצלונג האָב איך אויסגערופען צו גאָט: „ווען איינער זאָל אויפשטעהן צווישען זיי, טאַקע איינער פון זיי גופא, און אויפשפּרינגען פון טיש, און זאָל אַוועקוואַרפען זיין בעכער, און שרייען: — „מיינע ברידער און שוועסטער, האַלט אָב! וואָס איז דאָס וואָס מיר טרינקען?" — און מיט זיין שווערד זאָל ער דורכשניידען דעם פאַרהאַנג, און איהם האַלטענדיג ברייט פונאַנדערגענומען, רופען: — „ברידער, שוועסטער, זעהט! ניט קיין וויין איז דאָס, ניט קיין וויין, ניט קיין וויין! מיינע ברידער, אָך, מיינע שוועסטער!" — און ער זאָל איבערקעהרען דעם —"

„זיי שטיל! — זעה דאָרט", האָט גאָט געזאָגט.

איך האָב געקוקט: פאַר׳ן פעסט־הויז, אין דעם גראָז, האָב איך געזעהן אַ שורה פון לאַנגע אָנגעשאָטענע בערגלעך, בעדעקט מיט בלומען, און גלאַנציגע מאַרמאָר־שטײנער זיינען געשטאַנען ביי זייערע ברעגען. איך האָב גאָט געפרעגט וואָס דאָס איז אַזוינס.

ער האָט געענטפערט: „דאָס זיינען די קברים פון די וואָס האָבען זיך אויפגעהויבען אין דער הוליאַנקע און האָבען אַזוי געדופען."

און איך האָב גאָט געפרעגט ווי אַזוי זיי קומען דאָרט.

ער האָט געזאָגט: „די מענשען פון פעסט־הויז האָבען זיך אויפגעהויבען און זיי אַרונטערגעשליידערט הינטער־ווייל עכם."

„ווער האָט זיי בעגראָבען?" האָב איך געפרעגט.

„די, וואָס האָבען זיי אַרונטערגעשליידערט", האָט גאָט געזאָגט.

„ווי קומט עס", האָב איך געפרעגט, „וואָס זיי האָבען זיי אַרונטערגעשליידערט, און דערנאָך האָבען זיי מאַרמאָרנע מצבות איבער זיי אַרויפגעשטעלט?"

„גאָט האָט געזאָגט: „ווייל זייערע ביינער האָבען אַרויסגעשריען, דעריבער האָבען זיי זיי פערדעקט."

און צווישען די גראָז און ווילדע קרייטיכער האָב איך געזעהן ליגענדיג אַ ניט־בעגראָבענעם קערפּער; און איך האָב ביי גאָט געפרעגט ווי אַזוי דאָס קומט.

גאָט האָט געזאָגט: „ווייל זייערע ביינער האָבען אַרונטערגעוואָרפען געוואָרען. אין אַ קורצע צייט אַרום, ווען דאָס פלייש וועט פון די ביינער אַרונטערקריכען, וועלען זיי אויך איהם בעגראָבען, און בלומען וועלען זיי אויפ'ן קבר פערפלאַנצען."

און די הוליאַנקע איז נאָך אַלץ ווייטער אָנגעגאַנגען. מענער און פרויען זיינען געזעסען אַרום די טישען און געזויפט פון גרויסע בעקענס. אַנדערע זיינען אויפגעשטאַנען,

און פערוואָרפען זייערע אָרעמס איינע אויף די אַנדערע, און זיי האָבען געטאַנצט און געזונגען. זיי האָבען זיך איינע די אַנדערע לחיים געוואונשען, און זיי האָבען זיך געקושט אויף די בלוט־רויטע ליפען.

שטאַרקער און שטאַרקער איז געוואַקסען די הוליאַנקע.

די וואָס האָבען זיך שוין אַזוי פיעל אָנגעטרונקען, אַז זיי האָבען מעהר ניט געקענט, האָבען דאָס איבערגעבליבענע אין זייערע גלעזער אין דער הויך געגאָסען, און אין אַ שטראָם איז עס צוריק אַראָפּגעפאַלען. די פרויען האָבען די קליידער פון זייערע קינדער געפאַרבט אין וויין, און זיי האָבען אין זיי אַזוי פיעל וויין געגאָסען ביז זייערע מיילכעלעך זיינען רויט געוואָרען. אָפטמאָל האָבען די טענצער, זיך אַרומדרעהענדיג, איבערגעקעהרט אַ בעקען, און זייערע בגדים זיינען בע־שפּריצט געוואָרען. קינדער זיינען אויף די דיעלען געזעסען איבער גרויסע וויין־בעקענס, און האָבען אין זיי אַרומגעשיפט ראָזען־בלעטער, אָנשטאָט שיפלעך. זיי האָבען זייערע הענדטלעך אין דעם וויין אַריינגעטהאָן און האָבען גרויסע רויטע בלעזער געבלאָזען.

און שטאַרקער און שטאַרקער איז געוואָרען די הוליאַנ־קע, און ווילדער דער טאַנץ, און העכער און העכער דאָס געזאַנג. אָבער דאָ און דאָרט האָבען זיך געפונען צווישען די פרעהליכע חברה אַזעלכע, וואָס האָבען ניט געהוליעט. איך האָב געזעהן אַז דאָ און דאָרט ביי די טישען זיינען געזעסען מענער, וואָס האָבען אָנגעשפּאַרט זייערע עלענבויגענס אויפ׳ן טיש, און מיט זייערע הענד האָבען זיי די אויגען פערשטעלט; זיי האָבען אַריינגעקוקט אין זייערע וויין־בעכערס, און האָבען

ניט געטרונקען. און ווען אימיצער האָט זיי ליכט אָנגעריהרט אויפ'ן פּלייצע, זיינען זיי אויפגעשפּרונגען, און האָבען אראָב־געלאָזט זייערע בליקען, און זיי האָבען זיך צוריק אַוועקגעזעצט און בעטראַכט דעם וויין אין די בעכערס, אָבער זיי האָבען זיך ניט גערירט.

און דאָ און דאָרט האָב איך געזעהן אַ פרוי זיצען אָבגעזונדערט. די איבעריגע האָבען געטאַנצט און געזונגען און געקאָרמעט זייערע קינדער, זי אָבער איז געזעסען שטיל, מיט'ן קאָפּ אָנגעבויגען אָן אַ זייט, אַזוי ווי זי וואָלט זיך צו עפּעס צוגעהערט. איהרע קליינע קינדער האָבען איהר גע־צופּט פאַר'ן קלייד; זי האָט זיי ניט געזעהן; זי האָט זיך צוגעהערט צו עפּעס אַ גערויש, אָבער זי האָט זיך ניט גערירט.

די פרעהליכקייט איז געוואָרען גרעסער. מענער האָבען געטרונקען, ביז זיי האָבען מעהר ניט געקענט, און האָבען אָנגעשפּאַרט זייערע קעפּ אויפ'ן טיש און זיינען שווער איינ־געשלאָפען. פרויען וועלכע האָבען מעהר ניט געקענט טאַנצען, האָבען זיך אָנגעלעהנט אָן די שטוהלען און אָנגעשפּאַרט זייערע קעפּ אויף די שולטערען פון זייערע געליעבטע. קליינע קינדער, פיהלענדיג איבעל פון וויין, האָבען זיך אַניעדערגע־לעגט אויף די זוימען פון זייערע מוטער'ס קליידער. צייטענ־ווייז איז אַ מאַן פּלוצלונג אויפגעשטאַנען און שאָקלענדיג זיך, האָט ער זיך אָנגעשטויסען אָן טיש און איבערגעקעהרט די שטוהלען; אַנדערע האָבען זיך אָנגעשפּאַרט אָן דער פענצטער, פיהלענדיג איבעל צום שטאַרבען. דאָ און דאָרט האָט זיך איינער אויפגעהויבען און איז געגאַנגען וואַקלענדיג

זיך צו די ווײַן־קרוגען, און איז דאָרט אַניעדערגעפאַלען נעבען זײ. ער האָט אויפגעדרעהט דעם קראַן, אָבער אַ שלאָף איז איהם בעפאַלען ליעגענדיג, און דער ווײַן איז אויסגערונען.

לאַנגזאַם האָט זיך דער דינער, רויטער שטראָם געגאָסען איבער די ווײס־מאַרמאָרנע דיעלען; ער האָט דערגרייכט די שטײנערנע טרעפּ; לאַנגזאַם, לאַנגזאַם האָט דער ווײַן אַרונ־טערגעטריפט, פון טרעפּעל צו טרעפּעל; און די ערד האָט עס אײַנגעזאַפּט. אַ שיטערע ווײסע פּאַרע האָט זיך פון דעם אויפגעהויבען.

איך בין געווען שטיל; עס האָט מיר פערכאַפּט דעם אָטהעם; אָבער גאָט האָט מיך גערופען צו געהן ווײַטער.

נאָכדעם ווי איך בין געוועזן אָבגעגאַנגען אַ שטיקעל צײַט, בין איך געקומען צו אַ פּלאַץ, וואו אויף זיעבען בערג איז געלעגען די חורבות פון אַ מעכטיגער פעסט־הויז, גרעסער און שטאַרקער ווי דאָס דאָזיגע וואָס איך האָב פריהער געזעהן.

איך האָב געזאָגט צו גאָט: „וואָס האָבען די מענשען געטהאָן, וועלכע האָבען דיעזעס הויז געבויט?“

גאָט האָט געזאָגט: „זײ האָבען זיך אונטערהאַלטען.“

„מ י ט ו ו אָ ס?“ האָב איך געפרעגט.

„מיט ווײַן“, האָט גאָט געזאָגט.

און איך האָב געקוקט; און מיר האָט זיך געדוכט, אַז הינטער די חורבות האָט זיך נאָך געפונען אַ גרויסע רונדע גרוב אין דער ערד, וואו די ווײַן־פּרעס איז געשטאַנען.

„ווי קומט עס וואָס אָט דאָס גרויסע הויז איז אײַנגע־פאַלען?“ האָב איך בײַ גאָט געפרעגט.

„ווייל די ערד איז געווען צוזאַמען“, האָט גאָט גע־ענטפערט.

ער האָט מיך גערופען איך זאָל געהן ווייטער.

ענדליך זיינען מיר אַנגעקומען אויף אַ באַרג, וואו בלויע וואַסערען האָבען געשפּיעלט, און ווייסער מאַרמאָר איז געווען אויסגעלעגט אויף דער ערד. איך האָב צו גאָט געזאָגט:

„וואָס איז דאָ אַמאָל געווען?“

„אַ לוסט־הויז“, האָט גאָט געזאָגט.

איך האָב געקוקט, און פאַר מיינע פיס זיינען גרויסע זיילען געלעגען. און הויך האָב איך פון פרייד צו גאָט אויס־גערופען: „דער מאַרמאָר בליהט!“

„גאָט האָט געזאָגט: „אַ מכשפות־הויז איז דאָס געווען. נאָך אַזאַ הויז איז ניט געווען, און ס'וועט אויך ניט זיין. די זיילען און די געוועלבען האָבען געבליהט; און די וויין־בעכערס זיינען ווי געעפענטע בלומען געווען: אויף דער זייט איז דער גאַנצער פאָרהאַנג אויסגעשטריקט געווען מיט פראַכט געמעלדען, צוגענעהט מיט גאָלד.“

„ווי אַזוי קומט עס, וואָס עס איז חרוב געוואָרען?“ האָב איך געפרעגט.

„ווייל אויף דער זייט פון דער וויין־פּרעס איז פינסטער געווען“, האָט גאָט געזאָגט.

און אַזוי געהענדיג, זיינען מיר געקומען צו אַן אָרט, וואו עס איז געלעגען אַ מעכטיגער באַרג פון זאמד, און אַ טונקעלער טייך איז דאָרט געפלאָסען; און צוויי גרויסע שוץ־ווענד האָבען זיך ערהויבען.

„זיי זיינען זעהר מעכטיג“, האָב איך צו גאָט געזאָגט.

„יא, אונגעהייער גרויס", האָט גאָט געענטפערט.

און איך האָב מיך צוגעהערט.

גאָט האָט מיך געפרעגט צו וואָס איך הער מיך צו.

און איך האָב געזאָגט: „איך הער אַ קול וויינענדיג, און איך הער דעם קלאַנג פון קלעפּ, איך וויים אָבער ניט פון וואַנען עס קומט."

גאָט האָט געזאָגט: „דאָס איז דער ווידער־קול פון דעם ווײַן־פּרעס, וואָס איז נאָך פערבליבען צווישען די געזימס־שטיינער אויף די שויץ־ווענד. אַ לוסט־הויז איז דאָ אַמאָל געשטאַנען."

און ער האָט מיך גערופען איך זאָל געהן ווייטער.

אויף אַן אונפּרוכטבאַרער באַרג־זייט, וואו די ערד איז טרוקען געווען, האָט מיר גאָט געהייסען בלייבען רוהיג. איך האָב געבליקט ארום און ארום.

גאָט האָט געזאָגט: „אויף דעם אָרט איז אַמאָל אַ פעסט־הויז געווען."

„איך זעה קיין זכר ניט פון דעם!" האָב איך צו גאָט געזאָגט.

גאָט האָט געזאָגט: „איינגעוואָרפען איז דאָס הויז געוואָרען, אַ שטיין אויף אַ שטיין איז ניט געבליבען." און איך האָב געקוקט ארום זיך. און אויף אַ זייט פון באַרג האָב איך אַן איינזאַמען קבר געזעהן.

„וואָס ליעגט דאָרט?" האָב איך ביי גאָט געפרעגט.

„אַ וויינטרויבען־בינטעל, צודריקט אין ווײַן־פּרעס!" האָט גאָט געענטפערט.

ביים צוקאָפּען פון קבר איז א קרייץ געשטאַנען, און צופוסען איז א קרוין פון דערנער געלעגען.

ווען איך האָב גענומען אוועקגעהן, האָב איך א בליק געטהאָן אהינטער. דער וויין־פּרעס און דאָס וויין־הויז זיינען געווען פערשוואונדען; אָבער דער קבר איז נאָך געבליבען.

ווען איך בין צוגעקומען צום ברעג פון א לאַנגען באַרג, האָט זיך פאַר מיר אויפגעעפענט א ברייטער זאמד־פלאַך. און ווען איך האָב אַרונטערגעקוקט האָב איך געזעהן ליעגען גרויסע פונאַנדערגעוואָרפענע שטיינער; דער מדבר־זאמד האָט זיי האַלב פערשאָטען.

איך האָב געזאָגט צו גאָט: „עפּעס איז אָנגעשריעבען אויף די שטיינער, נאָר איך קען עס ניט לעזען.“

און גאָט האָט אוועקגעבלאָזען דעם מדבר־זאמד, און איך האָב געלעזען דעם אויפשריפט: „געוואויגען געוואָרען אויף דער וואָגשאָל און געפונען געוואָרען —“ דאָס לעצטע וואָרט האָט געפעהלט.

און איך האָב צו גאָט געזאָגט: „דאָ איז א פעסט־הויז געווען?“

„יא, א פעסט־הויז“, האָט גאָט געענטפערט.

איך האָב געזאָגט: „א וויין־פּרעס איז דאָ געווען?“

„א וויין־פּרעס איז דאָ געווען“, האָט ער געזאָגט.

מעהר האָב איך קיין שאלות ניט געפרעגט. איך בין געווען זעהר מיעד; איך האָב מיינע אויגען מיט די הענד פערשטעלט און געבליקט דורך דעם ראָזיגען אבענד־ליכט.

ווייט אוועק, איבער'ן זאמד, האָב איך געזעהן צוויי געשטאַלטען שטעהן. מיט פונאַנדערגעעפענטע פליגלען איבער

די קעפּ, און שטרענג אַנגעשטעלטע געזיכטער, ניט קיין מענ־שען און ניט קיין חיות, האָבען זיי געבליקט איבער דעם מדבר־זאַמד און וואַכזאַם האָבען זיי געקוקט, געקוקט און געקוקט! — איך האָב ביי גאָט ניט געפרעגט ווער זיי זייַנען, דען איך האָב געוואוסט וואָס דער ענטפער וועט זיין.

און ווייטער, נאָך ווייטער אין דעם אבענד־ליכט, האָב איך מיט מיינע פערשטעלטע אויגען געקוקט.

ווייט אַוועק, וואו דער זאַמד איז געדיכט און שווער געווען, האָב איך געזעהן שטעהן אַן איינזאַמען זייל; דער געזימס איז געווען אַרונטערגעפאַלען, און דער זאַמד האָט איהם פערשאָטען. אויף דעם אָבגעבראָכענעם זייל איז געזע־סען אַ מדבר־איילע מיט צוזאַמענגעלעגטע פליגלען; און אין דעם אבענד־ליכט האָב איך געזעהן אַ מדבר־פוקס פערביי־קריכענדיג, שלעפענדיג זיין עק איבער'ן זאַמד.

ווייטער און ווייטער, קוקענדיג אַזוי איבער דעם מדבר, האָב איך געזעהן ווי דער זאַמד האָט זיך צונויפגעקליבען אין קופּעס, אַזוי ווי ער וואָלט עפּעס צוגערעקט.

איך האָב אויסגערופען צו גאָט: „אָה, איך בין אַזוי מיעד!"

און גאָט האָט געזאָגט: „נור איין העלפט פון גיהנום האָסטו געזעהן."

איך האָב געזאָגט: „איך קען מעהר שוין ניט זעהן. איך האָב מורא פאַר'ן גיהנום. אויף מיין אייגענעם שמאָלען שטעג וואָג איך ניט צו געהן, וויל עס דוכט מיר אַז אימיצער האָט פאַר מיר אַ גרוב־פאַל אויסגעגראָבען; און ווען איך שטרעק אויס מיין האַנד אַ פרוכט צו נעהמען, ציה איך זי

צוריק, ווייל איך האָב מורא, אַז זי איז שוין געקושט געוואָרען. ווען איך קוק איבער די פלעכען, קומען די בערגלעך מיר פאָר ווי קברים; און ווען איך געה צווישען די שטיינער הער איך זיי ווינענדיג אויפ'ן קול. ווען איך זעה מענשען טאַנצען, הער איך ווי עס קלאַפט צום טאַקט מיט א געוויין; און זייער ווײן לעבט! אַך, איך קען דעם גיהנום ניט פערטראָגען."

„וואו ווּעסטו געהן?" האָט גאָט געפרעגט.

„אויף דער ערד פון וואַנען איך בין געקומען", האָב איך געזאָגט, „דאָרטען איז בעסער געוועזן."

און גאָט האָט געלאַכט פון מיר; און איך האָב מיר געוואונדערט, ווארום ער לאַכט.

גאָט האָט געזאָגט: „אַ מכשפות־הויז איז דאָס געוועזן. הימעל."

. . . . . . . . . . . . . . . .

און איך האָב האַלב אויפגעוואַכט. ס'איז געוועזן שטיל און פינסטער; דער גערויש פון די קאַרטען אין גאַס איז אָבגעשטאָרבען; די פרוי וואָס האָט געלאַכט איז פערשוואונדען; און די טריט פון דעם פּאָליציסט האָבען זיך מעהר ניט געהערט. אין דער פינסטער האָט זיך מיר געדוכט ווי אַ גרויסע, שווערע האַנד וואָלט אויף מיין ברוסט געלעגען און געדריקט. איך האָב פּרובירט אָטהעמען און זיך געוואָרפען פון איין זייט אויף דער אַנדערער; און דאַן בין איך ווידער איינגעשלאָפען, און מיר האָט זיך גע'חלום'ט.

גאָט האָט מיר געבראַכט צום ברעג פון דער דאָזיגער וועלט. דאָרט האָט זי זיך געענדיגט. איך האָב אַרונטערגעקוקט. די טיעפענים, האָט זיך מיר געדוכט, איז אָהן אַ גרונד;

און דאַן האָב איך געזעהן צוויי אַריבערגעוואָרפענע בריקען, וועלכע האָבען זיך געצויגען משופּע'דיג אַרויף.

איך האָב געזאָגט צו גאָט: „גיט עס ניט קיין אַנדער וועג, איבער וועלכען מענשען געהען אַריבער?“

גאָט האָט געזאָגט: „עס איז פאַראַן איינער; ער ציהט זיך ווייט פון דאַנען און געהט גאַנץ גראַד אַרויף.“

איך האָב איהם געפרעגט ווי מען רופט די בריקען.

„וואָס מאַכט עס אויס ווי זיי הייסען?“ האָט גאָט גע־ענטפערט; „רוף זיי די גוטע, די וואַהרע, די שעהנע, אויב דו ווילסט, — דו וועסט זיי דאָך ניט פערשטעהן.“

איך האָב איהם געפרעגט וואַרום איך קען ניט זעהן דעם דריטען בריק.

גאָט האָט געזאָגט: „נור די וואָס קלעטערען אויף איהם, זעהען איהם.“

„פיהרען זיי אַלע צו איין און דעם זעלבען הימעל?“ האָב איך געפרעגט.

גאָט האָט געזאָגט: „אַלע הימלען זיינען בלויז איינער: נאָר דאָך זיינען מאַנכע טהיילען העכער ווי די איבעריגע; די וואָס דערגרייכען דעם העכסטען טהייל קענען שטענדיג אַרונטערקומען זיך אויסרוהען אין די ניעדריגערע; די אָבער וואָס געפינען זיך אין די ניעדריגערע טהיילען זיינען ניט בכח אַרויפצוקומען אין די העכערע; און דאָך איז די ליכ־טיגקייט אין אַלע גלייך.“

און איך האָב געזעהן אויף דעם נעהנטסטען בריק צו מיר, וועלכער איז אויך דער ברייטסטער געוועזן, זיך ציהען

אונצעהלבארע פוס־טריט. איך האָב ביי גאָט געפרעגט, וואָרום זיינען אזוי פיעל איבער איהם געגאנגען.

גאָט האָט געזאָגט: „ער איז ווענינער משופע, און ער פיהרט צום ערשטען הימעל."

איך האָב בעמערקט דאָס מאנכע טריט זיינען געווען פון פיס, וואָס זיינען צוריקגעגאנגען. איך האָב גאָט געפרעגט ווי אזוי דאָס קומט.

ער האָט געזאָגט: „קיינער פון די וואָס זיינען איינמאָל אריין אין הימעל פערלאָזען איהם; אנדערע אָבער, ווען זיי זיינען אָבגעגאנגען א האלבען וועג, קעהרען זיך אום, ווייל זיי האָבען מורא, אז דאָרט איז קיין לאנד ניטאָ.

„האָט זיך קיינער פון דאָרט ניט צוריקגעקעהרט?" האָב איך געפרעגט.

„ניין", האָט גאָט געענטפערט; „איינער וואָס איז איינמאָל אין הימעל, איז אלע מאָל אין הימעל."

און גאָט האָט מיך אריבערגעפיהרט. און ווען מיר זיינען צוגעקומען צו איינער פון די גרויסע טהירען — דען דער הימעל האָט מעהר ווי איין טהיר, און אלע שטעהען זיי אָפען — האָבען זיך די ביישטירלען אזוי הויך אויפגעהויבען און פונאנדערגעצויגען אויף יעדער זייט, אז איך האָב ניט גע־קענט זעהן זייערע שפיצען, און ניט געקענט וויסען צי עס זיינען גאָר געווען שפיצען.

און אזוי ברייט האָט מיר די טהיר געשיינט צו זיין, אז דער גאנצער גיהנום וואָלט דאָרט געקענט דורכגעהן.

איך האָב געזאָגט צו גאָט: „וואָס איז גרעסער, דער גיהנום אָדער דער הימעל?"

„גאָט האָט געזאָגט: „דער גיהנום איז פּונקט אזוי ברייט, נאָר דער הימעל איז טיעפער. דער הימעל וואָלט געקענט אין זיך אַריננעהמען דעם גאַנצען גיהנום, אָבער דער גיהנום דעם גאַנצען הימעל ניט.“

און מיר זיינען אריינגעגאַנגען. דאָס איז געווען א גרויס, רוהיג לאַנד. די בערג האָבען זיך אויפגעהויבען פון אַלע זייטען, און עס האָט דאָרט געהערשט אַ בלאַסע קלאָהרע ליכטיגקייט; און געקומען איז עס, ווי איך האָב בעמערקט, פון די פעלזען און שטיינער. און איך האָב געפרעגט ביי גאָט, ווי אזוי דאָס קומט.

אָבער גאָט האָט מיר ניט געענטפערט.

איך האָב געקוקט און געשטוינט, דען אַנדערש האָב איך זיך פאָרגעשטעלט דעם הימעל. א ביסעל שפּעטער האָט אָנגעהויבען ליכטיגער ווערען, אַזוי ווי עס וואָלט אָנגעהויבען צו טאָגען, און איך האָב גאָט געפרעגט, צי הויבט עס ניט אָן די זונן אויפצוגעהן.

גאָט האָט געזאָגט: „ניין; מיר קומען צו דעם אָרט וואו די מענשען זיינען.“

און אזוי געהענדיג איז געוואָרען אַלץ ליכטיגער און ליכטיגער, ביז ס׳איז געוואָרען ברענענדיגער טאָג; און אויף די פעלזען האָבען בלומען געוואַקסען, און בוימער האָבען פון ביידע זייטען וועג געבליהט; און שטראָמען וואַסער האָבען זיך געשלענגעלט אומעטום, און איך האָב פויגעל־געזאַנג געהערט; און איך האָב גאָט געפרעגט, וואו זיי זיינען.

גאָט האָט געזאָגט: „דאָס רופען זיך די מענשען איינע די אַנדערע.“

און ווען מיר זיינען נעהנטער צוגעקומען, האָב איך זיי געזעהן ארומשפּאַצירען, און זיי האָבען פון זיך אַ שיין געוואָרפען שפּאַצירענדיג. און איך האָב גאָט געפרעגט, ווי אַזוי דאָס קומט, וואָס זיי טראָגען קיין מלבושים ניט.

גאָט האָט געזאָגט: „ווייל זייערע קערפּערס גיבען אַרויס דאָס ליכט; וואָגען זיי ניט זיי צוצודעקען.“

און איך האָב ביי גאָט געפרעגט וואָס זיי טהוען.

גאָט האָט געזאָגט: „זיי בעלייכטען די פּלאַנצען, כדי זיי זאָלען קענען וואַקסען.“

און איך האָב געזעהן אַז אייניגע האָבען געאַרבייט אין חברותא, און אַנדערע אַליין, די מייסטע אָבער זיינען געווען אין פּאָארען, אַמאָל זיינען עס געווען צוויי מענער, אַמאָל צוויי פרויען; געוועהנליך אָבער זיינען עס געווען אַ מאַן און אַ פרוי; און איך האָב גאָט געפרעגט: „וואַרום איז דאָס אַזוי?“

גאָט האָט געזאָגט: „ווען איין מאַן און איין פרוי לייכטען צוזאַמען גיט עס אַרויס דאָס פּאָלקאָמענסטע ליכט. פיעלע פלאַנצען נויטיגען זיך אין אַזא ליכט, כדי צו קענען וואַקסען. נור דאָך, עס גיבען מעהרערע מינים געוויקסען אין הימעל, און זיי נויטיגען זיך אין פערשיעדענע סאָרטען ליכט.“

און איינער פון זיי איז צוגעלאָפען צו מיר; און ווען ער איז צוגעקומען נאָהענט, האָט זיך מיר געדוכט, אַז ער און איך האָבען זיך צוזאַמען געשפּיעלט, ווען מיר זיינען קליינע קינדער געווען, און אַז מיר זיינען אין איין טאָג געבאָרען געוואָרען. און איך האָב גאָט דערצעהלט וואָס איך האָב גע־

פיהלט. ער האט געזאגט: „אלע מענשען פיהלען אזוי אין הימעל, ווען איינער קומט צו זיי.“

און דער וואס איז צו מיר צוגעלאפען האט מיך אנגענו־מען פאר׳ן האנד און מיך געפיהרט דורך די העלע ליכטער. און ווען ער איז געקומען צווישען די בוימער האט ער הויך געזונגען, און זיין בעגלייטער האט אבגעענטפערט, און א פרוי איז דאס געווען, און ער האט מיר פארגעשטעלט פאר איהר. זי האט געזאגט: „ער מוז זיין דארשטיג“; און זי האט וואסער אין איהרע הענד געבראכט און מיך אנגעטרונקען (אין גיהנום האב איך מורא געהאט דאס וואסער צו טרינקען), און פרוכט האבען זיי פאר מיר אנגעקליבען, און געגעבען מיר צו עסען. זיי האבען געזאגט: „לאנג גענוג האבען מיר גע־שיינט זיי צייטיג צו מאכען“, און זיי האבען זיך צוזאמען געפרעהט, מיך זעהענדיג עסען.

דער מאן האט געזאגט: „ער איז זעהר מיעד; ער מוז זיך אויסשלאפען“ (ווייל אין גיהנום האב איך ניט געוואגט צו שלאפען), און ער האט מיין קאפ אויף זיין חבר׳ס קניע אנידערגעלעגט און מיט איהרע האר מיך איבערגעדעקט. איך בין געשלאפען, און די גאנצע צייט וואס איך בין געשלאפען האט זיך מיר געדוכט, אז איך הער דעם רוף פון פויגעל איבער מיר. און ווען איך האב ערוואכט, איז עס פונקט ווי אין א יונגען מארגען געווען, מיט א טהוי אויף אלעס.

און דער מאן האט מיך פאר׳ן האנד גענומען און מיך געפיהרט צו א בעהאלטענעם ארט צווישען די פעלזען. דער גרונד איז גאנץ הארט געווען, אבער קליינציגקע געוויקסע האבען ארויסגעשפראצט, און א קליין טייכעלע איז דארט

געפלאָסען. ער האָט געזאָגט: „דאָס איז אַ גאָרטען וועלכען מיר פלאַנצען, קיינער וויים ניט פון דעם. מיר שיינען דאָ יעדען טאָג; זעהסט, דער גרונד האָט געפּלאַצט פון אונזער שיין, און אָט דער קליין טייכעלע איז אַרויסגעשפּרונגען. זעהסט, די בלומען וואַקסען.“

און אַרויפגעקלעטערט איז ער אויף די פעלזען און פון דאָרט צוויי בלימלעך אָבגעריסען, נאָך מיט טהוי אויף זיי, און עס מיר געגעבען. און איך האָב אין יעדער האַנד איינס גענומען; און האַלטענדיג זיי האָבען מיינע הענד געשיינט. ער האָט געזאָגט:

„דיעזער גאָרטען וועט אַלעמען געהערען ווען ער וועט פאַרטיג זיין.“ און ער איז אַוועק צו זיין חבר׳טע, און איך בין אַרויס אויפ׳ן ברייטען וועג.

געהענדיג אַזוי אין דער ליכטיגקייט, האָב איך געהערט די לויטע קלאַנגען פון אַ גרויס געזאַנג. און ווען איך בין נעהנטער צוגעקומען האָב איך געזעהן איינעם מיט פערמאַכטע אויגען, זינגענדיג, און זיינע חברים זיינען געשטאַנען אַרום איהם; און דער שיין אויף זיינע צוגעמאַכטע אויגען איז געווען ליכטיגער ווי אַלעם וואָס איך האָב אין הימעל געזעהן. איך האָב געפרעגט ביי אימיצען, ווער דאָס איז. און ער האָט געזאָגט: „שאַ! אונזער זינג־פויגעל.“

און איך האָב געפרעגט, וואַרום זיינע אויגען לייכטען אַזוי.

און ער האָט געזאָגט: „זיי קענען נישט זעהן, און מיר האָבען זיי אַזוי לאַנג געקושט, ביז זיי האָבען אָנגעהויבען אַזוי צו שיינען.“

און ענגער האָבען זיך די מענשען אַרום איהם אַרומ־געקליבען.

און ווען איך בין אַביסעל ווייטער געגאַנגען האָב איך געזעהן אַ געזעמעל מענשען מיט גרוים פרייד דורכגעהן צווי־שען די לייכטענדע בוימער. ווען זיי זיינען צוגעקומען נאָהענט האָב איך בעמערקט ווי זיי האָבען געטראָגען איינעם אָהן הענד און אָהן פיס. און אַזאַ העלעס ליכט האָבען זיינע צוקאַ־ליעטשעטע אברים אַרויסגעגעבען, אַז איך האָב ניט געקענט קוקען אויף זיי.

„ווער איז דאָס?“ האָב איך איינעם פון זיי געפרעגט.

ער האָט געענטפערט: „דאָס איז אונזער ברודער, וועל־כער איז אַמאָל געפאַלען און האָט זיינע הענד און פיס פער־לאָרען, און פון דאַמאָלסט אָן קען ער זיך מעהר ניט בעהעל־פען; מיר האָבען אָבער אַזוי אָפט די אָבגענומענע גליערער בעריהרט, אַז איצט לייכטען זיי העלער פון אַלעס אין הימעל. מיר טראָגען איהם אַרום כדי ער זאָל לייכטען אויף די זאַכען, וועלכע נויטיגען זיך אין אַ סך ליכט. קיינער טאָר איהם ניט האַלטען צו לאַנג, ער געהערט צו אונז אַלעמען“; און זיי זיינען ווייטער אַרומגעגאַנגען צווישען די בוימער.

איך האָב צו גאָט געזאָגט: „אַ מערקווירדיג לאַנד איז דאָס. איך האָב גערעכענט אַז בלינדקייט און געלעהמטקייט זיינען גרויסע אונגליקען, דאָ מאַכען עס אָבער די מענשען גאָר פאַר אַ שמחה.“

גאָט האָט געזאָגט: „האָסטו דען געדענקט אַז ליעבע נ ו י ט י ג ט זיך אין אויגען און הענד!“

און איך בין געגאַנגען אויף דעם שיינענדען וועג, מיט

בלומען פון ביידע זייטען. איך האָב געזאָגט צו גאָט: „פון דאַן אָן, ווען איך בין אַ קליין קינד געווען, און בין אַליין געזעסען און געוויינט, האָב איך פון אזא לאַנד געטרוימט, און איצט געה איך מעהר פון דאַנען ניט אַוועק. דאָ וועל איך בלייבען און שיינען." און איך האָב אָנגעהויבען אויסטהאָן מיינע בגדים, כדי איך זאָל קענען שיינען פונקט ווי די איבע־ריגע אין דיעזען לאַנד; אָבער ווען איך האָב אַ קוק געטהאָן אויף זיך האָב איך בעמערקט אז מיין קערפּער גיט קיין ליכט ניט ארויס. איך האָב גאָט געפרעגט, וואָרום דאָס איז אַזוי.

„האָסטו ניט קיין דונקעלעס בלוט אין דיין הארץ; איז דיין הארץ געגען קיינעם ניט פערביטערט?" האָט גאָט געזאָגט.

און איך האָב געזאָגט: „יא —;" און איך האָב גע־טראַכט — „איצט איז די צייט איך זאָל גאָט דערצעהלען דאָס וואָס איך האָב די גאַנצע צייט זיך געקליבען, ווי שלעכט מיינע מיטמענשען האָבען מיך בעהאַנדעלט, ווי זיי האָבען מיך שלעכט פערשטאַנען. ווי גרויסמוטהיג, ווי עדעל איך האָב געוואָלט זיין צו זיי, און זיי —" און איך האָב אָנגעהוי־בען; אָבער ווען איך האָב אַ בליק געטהאָן און דערזעהן ווי די בלומען האָבען אונטער מיין אָטהעם געוויאַנעט, בין איך שטיל געבליבען.

און גאָט האָט מיר גערופען צו געהן העכער, און איך האָב מיר אין מיין מאַנטעל איינגעהילט און בין איהם נאָכ־געגאַנגען.

און העכער זיינען די פעלזען געוואָרען און משופּע'־דיגער פון אַלע זייטען. ענדליך זיינען מיר צוגעקומען צו אַ

פלאַץ וואו ס׳האָט זיך אויפגעהויבען אַ גרויסער באַרג, וועל־כער האָט זיך פערלאָרען אין די וואָלקענס. און אַרום די זייטען באַרג האָב איך געזעהן די מענשען אַרבייטענדיג; און געגראָבען האָבען זיי די ערד מיט זייערע גראָבאייזענס; און איך האָב געזעהן ווי זיי האָבען געהאָרעוועט שווער. מאַנכע האָבען געטהאָן זייער אַרבייט אין גרופּען, די מעהר־סטע אָבער האָבען איינציגווייז געאַרבייט. און איך האָב געזעהן ווי טראָפּענס שווייס האָבען גערונען פון זייערע שטערענס, און די מוסקולען זייערע זיינען געוועזן אָנגע־שטרענגט פון דער שווערער אַרבייט. און איך האָב געזאָגט: „אין הימעל האָב איך זיך ניט גערעכט צו זעהן מענשען אַזוי אַרבייטענדיג!“ און איך האָב געטראַכט וועגען דעם גאָרטען וואו די מענשען האָבען געזונגען און געליעבט, און מיר איז אַ וואונדער געוועזן, ווי אַזוי אימיצער זאָל גאָר וועלען אַזוי אַרבייטען אויף דעם אונפּרוכטבאַרען באַרג. און איך האָב געזעהן אויף די שטערענס פון די אַרבייטער אַ שיין, און די טראָפּענס שווייס וואָס זיינען פון זיי ביי דער אַרבייט אַראָב־גערונען, זיינען ליכטיגע געוועזן.

און איך האָב ביי גאָט געפרעגט וואָס זיי זוכען.

און גאָט האָט מיינע אויגען אָנגעריהרט, און איך האָב דערזעהן ווי זיי האָבען קליינע שטיינדלעך אויפגעהויבען, וועלכע זיינען צו ליכטיג געוועזן, אַז איך זאָל זיי פריהער האָבען געקענט זעהן; און איך האָב בעמערקט, אַז די ליכטיג־קייט פון די שטיינדלעך און דער שיין אויף זייערע שטערענס איז דאָס זעלבע געוועזן. און איך האָב געזעהן, אַז ווען איינער האָט אַ שטיינדעל אויפגעהויבען האָט ער איהם זיין חבר

איבערגעגעבען. און ער האט איהם דערלאנגט צו א צווייטען, און דער צווייטער צו א דריטען. קיינער האט ניט געהאלטען דעם שטיינדעל וואס ער האט געפונען. און אמאל, ווען אימי־צער האט א גרויסען שטיין געפונען, האט זיך א גאנצע קאמ־פאני ארום איהם צוזאמענגעקליבען און זיי האבען אזא שטארקען געשריי ארויסגעלאזט, אז דער גאנצער הימעל האט אבגעקלונגען; און דאן האבען זיי זיך ווידער צו דער ארבייט גענומען.

און איך האב גאט געפרעגט, וואס זיי טהוען לסוף מיט די שטיינער וואס זיי קלייבען צוזאמען. גאט האט דאן וויע־דער אנגעריהרט מיינע אויגען כדי זיי צו קרעפטיגען; און איך האב א קוק געטהאן, און נעבען מיינע פיס איז געווען א מעכטיגע קרוין. דאס ליכט האט ארויסגעשטראמט פון איהר.

גאט האט געזאגט: „יעדער שטיינדעל וואס זיי געפינען, ווערט אין איהר אריינגעזעצט.“

און די קרוין איז געארבייט געווארען נאך א וואונ־דערבארען מוסטער; איין מוסטער איז דורכגעלאפען די גאנצע קרוין, דאך איז יעדער טהייל גאנץ אנדערש געווען.

איך האב געזאגט צו גאט: „ווי אזוי ווייס יעדער וואו אריינצוזעצען זיין שטיין, אזוי, אז עס זאל ארויסקומען נאכ'ן מוסטער נאך?“

גאט האט געזאגט: „ווייל אין דעם ליכט וואס שטראמט ארויס פון יעדענ'ס שטערן, זעהט יעדער די פולע צייכנונג פון דער גאנצער קרוין.“

„אבער ווי אזוי קומט עס, וואס יעדער שטיין פאסט

זיך אַזוי צו צו דעם אַנדערען, אַז עס זעהט זיך אין ערגעץ ניט קיין זוים?“ האָב איך געפרעגט.

„די שטיינער לעבען; זיי וואַקסען“, האָט גאָט געענטפערט.

„אָבער וואָס האָבען זיי דען פון זייער ארבייט?“ האָב איך געפרעגט.

„יעדער זעהט זיין מוסטער אויסגעפילט“, האָט גאָט געענטפערט.

„אָבער די שטיינער וואָס ווערען שפּעטער אריינגעזעצט פערשטעלען דאָך די ערשטע; און די ווערען דאָך ווידער פון אַנדערע, וואָס ווערען שפּעטער צוקומען, פערשטעלט ווערען“, האָב איך געזאָגט.

„זיי ווערען פערדעקט אָבער ניט פערבעהאַלטען“, האָט גאָט געזאָגט; „די ליכטיגקייט איז אַלעמענס ליכטיגקייט. אָהן ערשט, אָהן לעצט.“

און איך האָב צו גאָט געזאָגט: „ווען וועט דיזע קרוין זיין געענדיגט?“

און גאָט האָט געזאָגט: „קוק ארויף!“

איך האָב ארויפגעקוקט: און איך האָב געזעהן דעם באַרג זיך טהורמענדיג איבער מיר, דעם שפּיץ אָבער האָב איך ניט געקענט זעהן; ער האָט זיך פערלאָרען אין די וואָלקענס.

מעהר האָט גאָט ניט גערעדט.

און איך האָב געקוקט אויף דער קרוין; דאַן איז מיר בעפאַלען אַ ביינקעניש. פּונקט ווי די ליידענשאַפט פון אַ מוטער נאָכ׳ן קינד וואָס דער טויט האָט פון איהר אַוועקגע־

נומען; פונקט ווי דאָס ביינקען פון איינעם נאָך זיין פריינד וועמען דאָס לעבען האָט בעגראָבען; ווי דער הונגער פון שטאַרבענדע אויגען נאָכ'ן לעבען וואָס גליטשט זיך אַוועק; ווי דער דאָרשט פון אַ זעעלע נאָך ליעבע אין דעם ערשטען פריהלינג ווען עס ערוואַכט, אַזוי, נאָך שטאַרקער, איז געווען דאָס ביינקעניש אין מיר.

איך האָב אויסגעשריען צו גאָט: „אויך איך וועל דאָ אַרבייטען; אויך איך וועל אַריינזעצען שטיינער אין דעם וואונדערבאַרען מוסטער; וואַקסען זאָל עס אונטער מיינע הענד. און אויב עס זאָל זיך אויסלאָזען, אַז אָבאַרבייטענדיג יאָהרען זאָל איך קיין איינציגען שטיין ניט געפינען, וועל איך וועניגסטענס זיין צוזאַמען מיט די מענשען וואָס אַרביי־טען דאָ. איך וועל הערען זייער פריידען־געשריי ווען אימי־צער וועט אַ שטיינדעל געפינען; צוזאַמען מיט זיי וועל איך שרייען; איך וועל זעהן ווי די קרוין וואַקסט.“ אַזוי שטאַרק איז געווען מיין ביינקעניש, קוקענדיג אויף דער קרוין, אַז מיר האָט זיך געדוכט, אַז אַ שוואַכער שיין איז אויך פון מיין שטערען געפאַלען.

גאָט האָט געזאָגט: „הערסטו ניט דאָס געזאַנג אין די גערטנער?“

„ניין“, האָב איך געזאָגט; „איך הער גאָר נישט; די קרוין נור זעה איך.“ שטום בין איך פון ביינקעניש געוואָרען; אָן די אַלע בלומען וואָס איך האָב אין אונטער'ן הימעל געזעהן, און אָן דאָס געזאַנג וואָס איך האָב דאָרט געהערט, האָב איך פערגעסען. און איך בין פאָראויסגעלאָפען, דעם מאַנטעל האָב איך פון זיך אויף דער ערד אַראָבגעוואָרפען

און זיך איינגעבויגען איינעם פון די שווערע געצייגען אויפ־צוהויבען, וועלכע זיינען דאָרט אויף דער ערד געלעגען. איך האָב עס אָבער ניט געקענט ריהרען פון אָרט.

גאָט האָט געזאָגט: „ווי קומט צו ד י ר דער כח עס אויפצוהויבען? הויב אויף דעם מאַנטעל.“

און איך האָב איהם אויפגעהויבען און געגאַנגען דאָרט וואו גאָט האָט מיך גערופען. איך האָב מיך אומגעקוקט, און איך האָב געזעהן ווי די קרוין האָט געפינקעלט, מיין קרוין וואָס איך האָב אזוי געליעבט.

העכער און העכער האָבען מיר געקלעטערט, און די לופט איז געוואָרען שיטערער. קיין בוים, קיין געוויקס איז ניט געווען אויף די נאַקעטע פעלזען, און די שטילקייט איז ניט אונטערבראָכען געוואָרען. איך האָב געאָטהעמט שווער און גיך, און דאָס בלוט האָט געשפּאַרט אין מיינע שפּיצען פינגער. איך האָב צו גאָט געזאָגט: „איז דאָס הימעל?“

„יא“, האָט גאָט געזאָגט; „דאָס איז דער העכסטער.“

און מיר האָבען ווייטער געקלעטערט. איך האָב צו גאָט געזאָגט: „איך קען ניט אָטהעמען אין אזאַ הויכקייט.“

גאָט האָט געזאָגט: „ווייל די לופט איז ריין?“

און מיר האָט דער קאָפּ געשווינדעלט, און קלעטערענדיג האָט דאָס בלוט פון מיינע שפּיץ־פינגער ארויסגעשפּאַרט.

דאַן זיינען מיר ארויפגעקומען אויף אַן איינזאַמען בארג־שפּיץ.

קיין לעבעדיג בעשעפעניס האָט זיך דאָרט ניט בעוועגט; נור ווייט אוועק, אויף אַן אָבגעזונדערטען פעלזען־שפּיץ האָב איך געזעהן שטעהן אַן איינזאַמע געשטאַלט. צי דאָס איז אַ

מאַן געווען אָדער אַ פרוי האָב איך ניט געקענט וויסען; טהיילווייז האָט עס אויסגעזעהן ווי אַ פרויען־קערפּער, די גליעדער אָבער זיינען געווען אַזוי שטאַרק ווי פון אַ מאַן. איך האָב גאָט געפרעגט, צי איז דאָס אַ מאַן אָדער אַ פרוי.

גאָט האָט געזאָגט: „אין די ניעדריגסטע הימלען הערשט דאָס געשלעכט אַם שטאַרקסטען; אין די העכערע איז עס ניט צו מערקען; אין די העכסטע אָבער עקזיסטירט עס אין גאַנצען ניט."

און איך האָב געזעהן דאָס געשטאַלט איינגעבויגען איבער אַן אַרבייט, און שווער האָט עס געאַרבייט, אָבער וואָס, דאָס האָב איך זעהן ניט געקענט.

איך האָב צו גאָט געזאָגט: „ווי אַזוי איז עס דאָרט געקומען?"

גאָט האָט געזאָגט: „אויף אַ בלוטיגען טרעפּ, שטאַפּעל ביי שטאַפּעל האָט זי געקלעטערט פון ניעדריגסטען גיהנום, און טאָג נאָך טאָג, ווען דער גיהנום האָט זיך דערווייטערט און דער הימעל נאָך ניט דערנעהנטערט, איז זי צווישען צוויי וועלטען געהאַנגען. שטונדע נאָך שטונדע זיינען איהרע גליע־דער, אין ביטערען קאַמפּף, גרעסער געוואָרען, ביז איהרע בגדים, אין וועלכע זי האָט קלעטערען אָנגעהויבען, זיינען פּיצלעכווייז אַראָבגעפאַלען פון איהר. טראָפּענס זיינען פון איהרע אויגען אַרונטערגערונגען פון אָנשטרענגען זיי; יעדער שטאַפּעל וואָס זי האָט אַרויפגעקלעטערט איז מיט בלוט בענעצט געווען. און אַזוי איז זי אַהער געקומען."

און איך האָב געטראַכט וועגען די גערטנער וואו די מענשען האָבען אָרעם אין אָרעם געזונגען, און פון די בערג

וואו זיי האָבען אין גרופּען געאַרבייט. און איך האָב גע־שווידערט.

און איך האָב געזאָגט: „פּיהלט עס ניט שרעקליך איינ־זאַם דאָ?“

גאָט האָט געזאָגט: „זי איז קיינמאָל ניט אַליין!“

איך האָב געזאָגט: „וואָס האָט זי פאַר איהר גאַנצער אַרבייט? איך זעה גאָר ניט וואָס זי קריגט דערפאַר.“

דאַן האָט גאָט מיינע אויגען אָנגעריהרט, און איך האָב אונטער אונז געזעהן אויסגעשפּרייט הימעל און גיהנום און אַלעס וואָס אין זיי געפינט זיך.

גאָט האָט געזאָגט: „פון דער איינזאַמער הויכקייט אויף וועלכער זי שטעהט, איז אַלעס אָפען פאַר איהר. פאַר איהר איז קלאָהר דער שיין אין דעם גאָרטען, זי זעהט די בלומען שפּראָצען און טייכען פינקלען; קיין פרייד־געשריי קען אויף די בערג־זייטען ניט אַרויסגעלאָזט ווערען און איהר אויער זאָל עס ניט הערען. זי זעהט ווי די קרוין וואַקסט און דער שיין שטראַהלט אַרויס פון איהר. דער גאַנצער גיהנום איז אָפען פאַר איהר. זי זעהט די אַלע שטעגלעך וואָס ציהען זיך אַרויף. פאַר איהר איז דער גיהנום דער גרונד וואו עס ווערט די זריעה געזעעט, פון וועלכע דער הימעל שפּראָצט אַרויס. זי זעהט דעם זאַפט אַרויפשטייגען.“

און איך האָב געזעהן דאָס געשטאַלט איינגעבויגען איבער איהר אַרבייט, און דער שיין פון איהר פּנים איז אויף דעם געפאַלען.

און איך האָב געזאָגט צו גאָט: „וואָס שאַפט זי?“

און גאָט האָט געזאָגט: „מוזיק!“

און ער האָט פּיינע אויערען בעריהרט, און איך האָב עס געהערט.

און אין אַ צייט אַרום האָב איך צו גאָט געזאָגט: „דאָס איז דער הימעל.“

און גאָט האָט מיך געפרעגט וואָרום איך וויין. איך האָב איהם אָבער ניט געקענט ענטפערען פון שמחה.

און דאָס געשטאַלט האָט אָבגעקעהרט איהר געזיכט פון דער אַרבייט, און דער שיין איז אויף מיר געפאַלען. דאַן איז עס געוואָרען אַזוי העל, דאָס איך האָב מעהר ניט געקענט זעהן קיין אָבגעזונדערטע זאַכען, און איך האָב ניט געקענט אונטערשיידען ווער גאָט איז, ווער מענש, ווער איך. מיר האָבען אַלע געבלענדעט. איך האָב אויסגערופען צו גאָט: „וואו ביזטו?“ עס איז אָבער ניט געקומען קיין ענטפער, בלויז מוזיק און ליכט.

דערנאָך, ווען עס איז צוריק טונקעל געוואָרען אויף אַזוי פיעל, אַז איך האָב שוין זאַכען בעזונדער געקענט זעהן, האָב איך אויסגעפונען, אַז איך בין געווען פעסט איינגעוויקעלט אין מיין קליינעם אַלטען, גרויען, ערדישען מאַנטעל, און גאָט און מענש זיינען אָבגעזונדערט געווען איינע פון די אַנדערע, און פון מיר.

איך האָב די העזה ניט געהאַט צו זאָגען, איך וועל געהן שאַפען מוזיק נעבען אָט דעם מענשען. איך האָב געוואוסט אַז אפילו צו זיינע קניע וועל איך ניט גרייכען, אפילו אַ ריהר וועל איך ניט קענען טהאָן דעם אינסטרומענט אויף וועלכען ער האָט געשפּיעלט. איך האָב אָבער גערעכענט איך וועל קענען שטעהן אויף מיין קליין בערגעל און זינגען אַ בעגלייי־

טונג צו דער ערהאַבענער מוזיק. און איך האָב פּרובירט; מיין שטימע האָט זיך אָבער ניט איינגעגעבען. זי האָט אַ קוויטש געטהאָן און געציטערט. איך האָב ניט געקענט זינגען דעם ניגון. איך בין געוועזען שטיל.

דאַן האָט גאָט צו מיר אַ ווינק געטהאָן, איך זאָל פערלאָזען דעם הימעל.

און איך האָב געוויינט פאַר גאָט: „אַך, לאָז מיר דאָ בלייבען! אויב עס איז טאַקע ווירקליך אַזוי, ווי איך ווייס עס, אַז איך בין ניט גרויס גענוג צו זינגען אויף די בערג, ניט שטאַרק גענוג דאָרט צו אַרבייטען, ניט ליכטיג גענוג צו שיינען און ליעבען אין די גערטנער, דאַן לאָז מיך ווענינגסטענס אַרונטערגעהן ביי דעם גרויסען טהויער; הכנעה'דיג וועל איך דאָרט אויף די קניע זיך שטעלען; און, ווען די געלייטערטע וועלען אַריינגעהן, וועל איך זעהן דעם שיין אויף זייערע געזיכטער. איך וועל הערען דאָס געזאַנג אין די גערטנער, און דעם פרייד־געשריי אין די בערג —"

גאָט האָט געזאָגט: „דאָס קען ניט זיין;" ער האָט מיר געוויזען דעם וועג.

און איך האָב געוויינט: „אויב ס'איז אונמעגליך פאַר מיר צו בלייבען אין הימעל, דאַן לאָז מיר אַרונטערגעהן אין גיהנום, און איך וועל ערגרייפען די הענד פון מענער און פרויען דאָרט; און לאַנגזאַם, זיך האַלטענדיג איינע די אַנדערע פאַר די הענד, וועלען מיר זיך מאַכען אַ וועג אַרויף, אין דער הויך."

און אַלץ האָט מיר גאָט געוויזען איך זאָל געהן.

איך האָב מיך אויף דער ערד אַניעדערגעוואָרפען און

געקלאָגט: „די ערד איז אזוי קליין, אזוי געמיין! עס קען ניט געמאָלט זיין אז איינער זאָל דעם הימעל זעהן און צוריק ארויסגעטריבען ווערען!"

און גאָט האָט זיין האנד ארויפגעלעגט אויף מיר און געזאָגט: „געה צוריק צו דער ערד: ד אָ ס  וו א ס  ד ו  ז ו כ ס ט  א י ז  ד אָ ר ט ע ן."

איך האָב מיר אויפגעכאַפּט: עס איז געווען מאָרגען צייט. די שטילקייט און די פינסטערנים פון דער נאַכט איז פערשוואונדען. דורך דעם שמאָלען פענסטער פון מיין דאַכ־שטיבעל האָב איך געזעהן דעם שיין פון א פרישען טאָג. איך האָב מיינע אויגען פערמאַכט און זיך אומגעקעהרט צום וואנד: איך האָב אָנקוקען ניט געקענט די מאַט גרויע וועלט.

אונטען, אין די גאַסען, האָבען מענער און פרויען זיך געיאָגט הונדערטערווייז; איך האָב געהערט דעם טראַמפּלען פון זייערע פיס אויפ'ן טראָטואר. מענער זיינען געלאָפען צו זייערע געשעפטען; משרתים אויף זייערע געננ; אינגלעך האָבען זיך געאיילט אין זייערע שולען; מיעדע פּראָפעסאָרען זיינען זיך לאַנגזאַם אין זייערע וועגען געגאַנגען; פּראָסטי־טוטען, מענער און פרויען, האָבען זייערע פיס געשלעפּט, אויסגעמאַטערט פון דער לעצטער נאַכטיגער הולטאַיסטוואָ; סוחרים זיינען געלאָפען נאָך בעשטעלונגען; און אָרעמע קינדער זוכען א שטיקעל ברויט. איך האָב געהערט דעם שטראָם זיך פערבייטראָגען. ביי דעם אריינגאַנג אין דער אַלעע, אויפ'ן ווינקעל פון גאַס, האָט געשפּיעלט א צובראָ־כענע קאַטערינקע; אמאָל האָט זי א ציטער געטהאָן און זיך

כמעט אין גאנצען אבגעשטעלט, באלד האט זי ווידער געשפּיעלט פונקט ווי א געבראכענע מענשליכע שטימע.

איך האב געהארכט. מיין הארץ האט זיך קוים בעוועגט; עס איז געווען קאלט ווי בליי. א צו לאנגען טאג האב איך געהאט פאר זיך; און איך האב פּרובירט ווידער איינ־שלאפען; נור איך האב אלץ געהערט דאס קלאפּען פון פּיס אויפ'ן טראטואר. און פּלוצלונג האב איך אין דער קלאפּענים געהערט א הויך געשריי: „מיר זוכען! — מיר זוכען! — מיר זוכען!“ און די צובראכענע קאטערינקע אויפ'ן ווינקעל פון גאס האט געשלוכצט: „דאס ערהאבענע! — דאס ער־האבענע! — דאס ערהאבענע!“ און מיין הארץ, וועלכע איז טויט געווען, האט צוגערופען צו יעדען קלאפּ: „ליעבע! — וואהרהייט! — דאס ערהאבענע! — דאס ערהאבענע!“ דאס איז געווען דער ניגון, וועלכען איך האב אין הימעל געהערט, און האב נאכזינגען דארטען ניט געקענט.

איך האב מיר אין גאנצען אויסגעטשוכעט.

אויף דער אבגעבלאקירטער קאלדרע, איבער מיין בעט, איז געלעגען א לאנגער געלער פאס שיין פון דער לאנדאנער זונן. אריינגעקומען איז ער דורך דעם שמאלען פענסטער פון מיין דאכשטיבעל.

איך האב געשמייכעלט. איך בין אויפגעשטאנען.

איך בין געווען צופריעדען, וואס איך האב נאך געהאט א לאנגען טאג פאר מיר.

ע נ ד ע.

# מייזעל'ס פערלאג

## קאטאלאג

דר. חיים זשיטלאָווסקי: די פילאָסאָפיע, וואָס זי איז און ווי זי האָט זיך ענטוויקעלט. צוויי בענדער, שעהן געבונדען, מיט פּאָרטאָ — — — — — — — — — — $2.50

הערבערט ספּענסער: די ערציהונג, איבערזעצט פון דר. מעריסאָן. געבונדען — — — — — — — — $1.00

דר. י. א. מעריסאָן: דער אנארכיזמוס און די פּאָליטישע טהעטיגקייט. בראָשירט .10

איבסען'ס דראַמען: נאָרא בראָשירט .20
העדדא גאבלער " .25
דער בוימייסטער " .25
ראָזמערסהאָלם " .25
דער קליינער עאָלף " .20

ב. ביערנסאָן: איבער אונזער קראפט.ביידע טהיילען אין איין באנד. בראָשירט — — — — .50
געבונדען — — — — — — — .75

א. סטרינדבערג: פריילײן יוליא " .20

יעקב גאָרדין: קרייצער סאָנאטאָ " .25

מ. ווינטשעווסקי: א טאָג מיט י. גאָרדין " .25

אָליווע שריינער: טרוימען האלב־געבונדען .25

ד. טהאָרא: די פליכט פון אונגעהאָר־זאמקייט. בראָשירט .15

איוואַן טורגעניעוו: האמלעט און דאָן קיכאָט. " .12

פעליקס האָלענדער: די זוכער פון אמת, איבער־זעצט פון ש. יאנאָווסקי, 587 זייטען. בראָשירט $1.00
געבונדען $1.25

מ. ווינטשעווסקי: לידער און געדיכטע 320 זייטען, שעהן געבונדען — — — — — — — — $1.00

צו קריגען ביי אלע בעסערע בוכהענדלער און אין פערלאג

MAISEL & CO., 422 Grand Street, New York.

8טער קאפיטעל: די עמפּירישע ריכטונג אין ענגלאנד.

9טער קאפיטעל: די אקקאזיאנאליסטען און שפּינאָזאַ.

10טער קאפיטעל: די ראציאנאליסטישע פילאסאפיע ביז קאַנט.

דער צוויטער באנד ענטהאלט:

פון עמאַנועל קאַנט ביז אויף אונזערע טעג.

11טער קאפיטעל: א) קאנט'ס קריטישע פילאסאפיע.

12טער קאפיטעל: ב) קאנט'ס קריטישע פילאסאפיע.

13טער קאפיטעל: ג) קאַנט'ס עטהיק און עסטעטיק.

14טער קאפיטעל: א) די ספּעקולאַטיווע מעטאַפיזיק אין דייטשלאנד.

15טער קאפיטעל: ב) די ספּעקולאטיווע מעטאַפיזיק אין דייטשלאנד.

16טער קאפיטעל: די יונג־העגעליאנער און דער מאַטעריאליזם.

17טער קאפיטעל: דער פעסימיזם, דער מאָניזם און די „איך"־פילאסאפיע.

18טער קאפיטעל: א) די אנטראפאלאגישע ריכטונגען.

19טער קאפיטעל: ב) די אנטראפאלאגישע ריכטונגען.

20טער קאפיטעל: ריקבליק און אויסבליק.

---

דר. זשיטלאָווסקי'ס ווערק איז דאָס איינציגע און ערשטע ווערק איבער פילאסאפיע אין אידיש, געשריבען אין א לייכטע און רייכע שפּראך, פערשטענדליך פאר יעדען אינטעליגענטען לעזער.

---

פרייז פון ביידע בענדער, מיט פּאָרטאַ, $2.50